י. מ. ווייסענבערג

# געקליבענע ווערק

באַנד III

פערלאַג ש. גאָלדפאַרב
וואַרשע 1930

# מאָטאָ

אָפּט איז די דיכטונג אַ פאָלגע פין אימבע־האָלפנקייט.

דאָס ווען אויסלייזן די וועלט, כאָטש זי־דאַרף, נעבעך, אויסגעלייזט ווערן, איז אַ טיב־קעלער טריעב פין שלימזל׳ס...

די וועלט וויל נישט זיין אַנדערש, — וואָס זי־וויל יאָ — איז נאָך אַ שטיקל ברויט. טיילמאָל־דאַרף זי אויך אַ קנעפּעלע צים העמד!...

---

דער קאַשטאַן האָט געבליהט,
און צייטיק געוואָרן —
די מענטשן לאָז גייען
און שטיל דיר דיין צאָרן.

די רויז האָט פערוועלקט,
וואָס געבליהט האָט אין זימער —
די ווערם לאָז גייען
און שטיל דיר דיין קימער.

נעם ברויט און נעם וואַסער
אין לאָגל — און מאַרשיר —
אויב וועלט איז נאָך וועלט,
איז פלאַץ נאָך אין איר.

אַזוי, ווי דאָס ליעדל לויטעט, וואָלט געדאָרפן זיין מיין־איצטיקער קורסיוו. איך האַלט אָבער, אַז יעדער מין שטאָלצער זשעסט איז אַ פערברעך און קאָמפּראָמיטאַציע פאַר אמתער גבורה. וואָרן באמת איז אַ זשעסט נישט מער, ווי אַן אַרויסדריי זיך פין אַ סיטואַציע, וואָס דאַרף אים, גלייבט דער אייגנטימער, זיין צישוויער צי פערבלענדן.

דאַדאָרך איז דאָס ליעדל, ווי שטאָלץ און ברוגז עס זאָל נישט זיין, נאָר אַן אָפּטרעטן, אַן אַרויסדריי זיך מיט כבוד...

איך האַלט טאַקי מיין איצטיקע צייט פאַר די, וועלכע האָט אין מיין קאַמף נישט געבראַכט יענע פרוכטן, וועלכע איך האָב געמיינט. איך האָב אָבער פיל געלערנט אין קאַמף און וועל דאָס ניצן צים ווייטערן קאַמף.

איך האָב געלערנט, אַז איך בין איינער אַליין — דאָס האָב איך שטאַרק געדאַרפן וויסן...

איך האָב אויך געלערנט, אַז דאַך האָב איך קיין שותפות נישט געמאַכט, ווייניקער נאָך, ווי מיט די געגנער, מיט די פריינט — דאָס האָב איך אויך געדאַרפן שטאַרק וויסן...

איך פערלאָז איצטער דאָס שלאַכט-פעלד אָן איבעריקן שטאָלץ, נאָר אַזוי ווי אַ פערשפּיעלטער...

י. מ. וויסענבערג...

# פ אָ ר ע ד ע

דער אַלטעגליכער צייטונגס מענטש פיהלט נישט זיין זינד, ווייל ער ווערט פין קיינעם נישט אָפּגעשטויסן. ווי יעדע זינד, וואָס אַז זי איז פין דער געזעלשאַפט טאָלערירט, ווערט זי שיעור אַ טוגענד, אַזוי איז מיטן זשורנאַליזם. ווער האָט געקענט פערצייטנס האַלטן פאַר אַן עוולה דאָס פערברענען קינדער פאַרן גאָט מולך, אָדער נאָך מיט גאָר אַ קאָרצער צייט צריק — קאַפּיטאַליזם פאַר אַן אונרעכט. פערקעהרט! דאָס איז נאָך גאָר געווען אַ טוגענד און די טרעגער פין איר — די טרעגער פין דער געזעלשאַפטליכער מאָראַל אין זייער צייט. דאָס מין זשורנאַליזם, דאָס אַריינקיקן אינטער די קוליסן, דאָס אַריינכאַפּן זיך דאָרך אַ שפּאַרע צי יענעם אין סאַלאָן, מיט דער כוונה, אויפציפּראַלן אים טיהר און פענסטער צי דער ענטפּלעקונג פאַר דער גאַס, געהער נישט זי גהעהרן צי די גאָר שיינע אייגנשאַפטן. אַזוי האָבן עס מענטשן אַלעמאָל אויפגעפּאַסט און געהאַט פעראַכטונג פאַר דעם סקאָרבאָוון נאָכזיכער פין עבירות אויף זיינע מיטבירגער, ווער שמיעסט נאָך, אַז דער דאָזיקער איז געווען אַ געדינגענער עבירות-זיכער, ציליעב פענסיע, ווי עס איז עס דער זשורנאַליסט. נאָר אויב נאָכזיכן נאָך פרעמדע עבירות געהער נישט צי די גאָר פיינע טוגענדטן, געהער שוין גאָר גאָר נישט צי דער פיינער טוגענדט דאָס צווינגען דעם אמת צי קניען פאַרן שקר, ווי עס צווינגט אים גאַנץ אָפט דער זשורנאַליסט מיט דעם כח פין דעם ברייטן, גרויסן אָפענעם מויל פין דער „מאַיעסטעט" די פּרעסע.

איך האָב, נישט לאַנג צריק, געלעזן צווישן די קליינע שורהלעך פון וועלט נייעסן, אַז אַ פראַנצויזישע אָוויאַציע גע-זעלשאַפט, נאָכדעם ווי זי האָט בעקומען פון דער רעגירונג אַ בעשטעלונג פון פערציק מיליאָן פראַנק, האָט זיך אָפּגערעדט פון האַרץ פאַר אַ דאָרטיקן מלוכה-מאַן. זי האָט געזאָגט:

„— פראַנקרייך איז געוויס ריאיק מיט איר געוויסן פאַר איר פאָטערלאַנד: זי האָט איר פליכט געטיען: פערציק מיליאָן סובסידירט פאַר דער זיכערקייט פון איר גאַנצקייט. בערעכנט אָבער, וואָס קען אינזער פירמע ליווערן פאַר דער שטאַרקייט פון אינזער לאַנד, ווען צעען מיליאָן נעמט ביי אינז צו די פרעסע, סיי גרויסע און סיי קלענערע צייטונגען, אַז זיי זאָלן נישט אַגיטירן געגן אינזערע בעסטע און ערליכסטע כונות אויף אָנ-ציינעמען די בעשטעלונג, פינף מיליאָן — געוויסע דעפּוטאַטן, וואָס זאָלן שטימען און מאַכן שטימונג פאַר אינז, און נאָך צעען מיליאָן מיזן מיר ווידער רעזערווירן פון דער דאָזיקער סומע, אַ טאָמער טרעפט אַ פאַל פון אַ קאַטאַסטראָפע מיט אינזערן אַ געליווערטן אַעראָפּלאַן, אַז די פרעסע זאָל ווידער נישט אויפ-מאַכן איר מויל!...“

ציליעב דעם, הייסט עס, וואָס די ערליכע געזעלשאַפט וואָלט נישט געגעבן דעם געהעריקן „חורש“, אין דער ערשטער רייע דער פרעסע און דערנאָך אויך געוויסע געעהרטע דעפּו-טאַטן פון סיים!!! וואָלט מען די ערליכקייט פון דער דאָזיקער גע-זעלשאַפט געמאַכט קניען פאַר דעם שקר פון וועלכער עס איז נישט סאָלידער פירמע, נאָר וועלכע וואָלט יאָ געגעבן כאַבאַר דער פרעסע, פאַר דער בעשטעלונג פון דער רעגירונג. אָט דאָס איז אויך די טוגענד פון זשורנאַליסט, נאָך אַלע זיינע אַנדערע טוגענדטן: דעם אמת צו מאַכן קניען פאַרן שקר.

דאַדאָרך האָבן אַ סך, זעער אַ סך כאַראַקטער-פילע מע-

נער, ווי לאסאל א. נ. א. געהאט א נאטירליכע פערזאכטונג פאר דעם טעגליכן צייטונגס-מענשט, פאר דעם מין, וואס ריפט זיך צייטונגס-זשורנאלוסט. ער איז באמת א פעראכטונגסווירדיק מין אין דער היינטיקער געזעלשאפט; ווייל אויב ער וואלט דאס נישט געווען אין זיין טיפן שורש, וואלט ער צי זיין פראפע-סיע נישט געטויגט. מענטשן אבער, וואס דארפן שטייען מיט זיי אין בערירונג, ווי כלל-טיער, פארטיי-פיהרער, דעפוטאטן, פאלי-טיקער, פאבריקאנטן, סוחרים און אינטערנעמער פון געזעל-שאפטליכע אקציעס,— ווייל זיי האבן מורא פארן שאדן, וואס די דאזיקע זשורנאליסטן קענען זיי ברענגען; ווער שמיעסט נאך, ווייל די ערשטע האבן א געוויסע „טענדענץ" דארכציפיהרן דארך דער פרעסע, מכלומרשט לטובת דער געזעלשאפט, די האבן גאר א בעדארף דעם לעצטן צי טאלערירן. דער כלל-טיער, פאר-טיי-פירער (אזעלכן ווי מיר זעען היינט) דעפוטאט, פאליטיקער האבן סתם נישט וואס אנציווערן, ביי זייער גרויסער מאראל, טאלערירנדיק דעם זשורנאליסט. זייער ריינקייט קען נישט ליידן, פינקט ווי עס קען נישט פערשוועכט ווערן די ריינקייט פון א פראסטיטוטקע, טאלערירנדיק אירע א חברטע, וואס שטייט אויף דעם זעלבן ניווא מאראל. דער פאבריקאנט, ווידער, און סוחר, אדער אינטערנעמער, מיזן אים שוין במילא טאלערירן, אפילו זיי זאלן נישט וועלן. און ווייל אין דער איצטיקער גע-זעלשאפט געפינען זיך אזא גרויסע צאל פאליטיקער, כלל-טיער, פארטיי-פיהרער און דעפוטאטן, ווער שמיעסט נאך, די גאר גרוי-סע קלאס סוחרים און אינטערנעמער, געפינען די זשורנאליסטן א גאר גרויסע און ברייטע טאלעראנץ.

פאר די גאר ערשטע, ווי פאליטיקער, דעפוטאטן, כלל-טיער און פארטיי-פיהרער, זענען די לעצטע פשוט א נויטווענ-ווענדיקייט. דאס רוב מיסיע פון א זשורנאליסט איז, דעם פא-

ליטיקער, דעם דעפוטאַט, דעם כלל־טיער און פאַרטיי־פירער, אויסציבעטן דאָס געזעלשאַפטליכע „בעט״ אַזוי ווייך... ווי עס עס טיהט עס די דינסט אין שטיב פין אַן ערשט־קלאַסיקער זונה. זי שנירט איר פענאַנדער דאָס שיכל, ווען די זונה דאַרף... זי מאַכט לויז איר טאַליע און צעהענגט אירע רייצונגס־בענדער אויף אַלע פּלויטן און עפנטליכע ערטער, דאָס געהערטע פּובּ־ליקום צי פערנאַרן צי איר... אַט דאָס איז אַ זשורנאַליסטס דינען פאַר די ערשטע. די אַנדערע, ווידער, קלאַס: סוחרים, פאַבריקאַנטן, כאָטש זיי קיקן אויפן זשורנאַליסט, ווי אויף אַ מסור, ובפרט נאָך געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, ווי אויף אַ בּליט־זייגער, שפּיאָן און בּלבול־מאַכער — דאָך מיז ער איב אָנערקענען... און דער לעצטער געפינט אַזוירנאָך זיין גרויסן און ברייטן אָנשפּאַר אין דער היינטיקער געזעלשאַפט, און בּמילא, אויך אַ גרויסע און ברייטע טאָלעראַנץ...

און ס'איז נישט קיין ווינדער, ס'איז יעדערן בּעוויסט, אַז די מאָראַל פין אַ געזעלשאַפט איז לויט איר אייגן פּנים. נישט דער מענטש איז געשאַפן פאַר איר, נאָר זי פאַרן מענטש, ס'הייסט אַ וואָסאַרער מענטש אַזאַ מאָראַל; — אַזוי ווי אין אינ־זער היינטיקער מאָראַל פערנעמען דעם אויבנאָן פּאָליטיקער, פּאַרטיי־פיהרער, כלל־טיער, דעפּוטאַטן און דערצי אויך די גאָר אָנגעזעענע קלאַס סוחרים און פאַבריקאַנטן, און די אַלע זענען דאָס אויבערשטע פין אינזער היינטיקער געזעלשאַפט, ס'הייסט, דאָס פּנים, דאָס חשיבות פין אינזער איצטיקער מאָראַל, בּמילא איז דאָס מיעסע מין, דער זשורנאַליסט, וואָס איז פין געבוירן: דער שפּיאָן, דער בּלבול־מאַכער, דער פערפינסטערער פין אמת, מיט אַ געבוירענעם דראַנג צי דעמאַגאָגיע, ווייל אַנדערש — ווי שוין אויבן געזאָגט — וואָלט ער נישט געטויגט פאַר זיין פּראָ־פעסיע, איז ער שוין דערמיט אַליין, וואָס ער איז טאָלערירט פין

אַזאַ חשובותדיקער קלאַס, וואָס פערנעמט דעם אויבנאָן פין אינ-
זער היינטיקער געזעלשאַפט און במילא אויך פין איר מאָראַל —
דער אָרנטליכער מענטש, וועהמען מען קען, לכל הפחות, דער-
לאַנגען די האַנט...

אָבער לאסאל און נאָך אַנדערע קרעפטיקע מענער, האָבן
געהאַט נאָר בלויז פעראַכטונג פאַר דעם זשורנאַליסט.

אַט דעם מין, ס'הייסט, דעם זשורנאַליסט, דעם פרעסע-מאַן,
פיהר איך איצטער אַריין מיט זיין גאַנצער נאַקעטקייט אין מיין
ווערק „דער מאָדערנער שד". מיין פערדיענסט וועט בע-
שטייען אין דעם, וואָס אין דער צייט, ווען איינציקע, יחידים האָבן
אים נאָר בלויז פיינט געהאַט און געלאָזט פאַלן אויף אים נישט
מער, ווי בייזע ווערטער, אָבער מען האָט נישט געוויסט, וואָס
און ווען דאָס מין איז דאָרכאויס, האָב איך אים איצטער קאָנ-
קרעטיזירט: אַט דאָס איז ער און אַזוי זעהט אויס זיין טאַהט
פאַר אינזער געזעלשאַפט.

**דער אויטאָר.**

# דער מאדערנער שד

ס צ ע נ י ש ע ר

ר אָ מ אַ ן

רעדאַקטאָר עטי פּייטיס פּריוואַטע שטיב. רעדאַקטאָר אין זיין קאַבינעט. עס הערט זיך דאָס גלעקל פון דער קאָרידאָר טיהר. דאָס דיענער-יינגל קומט אַריין:

— עס קומט ווער.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ווער ?

דיענערייינגל:

— כ׳ווייס נישט.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ני גיי ׳שע, זעה פריער...

דיענערייינגל אָפּ. ער קומט אין אַ ווייל׳ע צוריק:

— בינאָקל איז עס.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— האָסט אים שוין געזאָגט, אַז איך בין דאָ ?...

דיענערייינגל:

— ני, יאָ...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— פאַרוואָס ?...

דיענערייינגל:

— כ׳האָב אים געזאָגט, אַז איר זענט נישטאָ, האָט ער מיך אָנגעשאָלטן. ער זאָגט, אַז ער איז אַ כשופמאַכער און ער וועט מיר נאָך כשוף אָפטיען...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, גיט אַ שמייכעלע:

— ני גיי, לאָז אים אַריין. (דאָס דיענערייינגל. אָפּ).

מיסטער בינאָקל קומט אַריין.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, גייט אים אַנטקעגן:

— אַ, וואָס מאַכסטו? (גיט אים די האַנט, גלעטיקט און פּעטשלט אַביסל צו איבער יענעמס געגעהבענער האַנט, מיט זייגער, דער צווייטער, אויס ליעבליכקייט, פיהרט אים צו צו אַ שטיהל) זעץ דיך.

מיסטער בינאָקל זעצט זיך.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, אַנטקעגן זיך זעצנדיק:

— וואָס עפּעס אַזוי פריה?..

מיסטער בינאָקל:

— עפּעס נייעס האָט מיך געבּרענגט צו'ן אייך. כ'האָב אַ פּריוואַט געשפּרעך מיט אייך צו שמיעסן, דעריבער האָב איך נישט געוואָלט אין רעדאַקציע, ווי אַלע זענען.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ני, ני, אַוודאי עפּעס וויכטיקס...

מיסטער בינאָקל:

— איך בין ענטשלאָסן אייך צו פרעהגן, צו ווײַט איר דילדן, אַז אַזאַ פּראָפּאָן, ווי דער מעטראָנפּאָז, זאָל מיר איבערלאָזן נאַכט ביי נאַכט די שורות?..

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אַזוי גאָר!..

מיסטער בינאָקל:

— און זאָל מיך זידלען...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— טאַקי אַ גראָבער יינג... (פּויזע)

מיסטער בינאָקל:

— איך בין ענטשלאָסן... איך ווייס נישט וואָס צו טיען...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— גיי שוין, וואָס רעדסטו?..

מיסטער בינאָקל:

— יאָ, יאָ...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ר׳אי דאָך אַ גראָבער ייִנג... די ווייסט נישט, דער פּעראיין האָט דאָך היינט צי זאָגן... וואָס, כ׳וועל אים גייען אָפּשאַפן?

מיסטער בינאָקל:

— איז טאַקי שלעכט...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— גיי שוין, גיי שוין...

מיסטער בינאָקל:

— איך בין ענטשלאָסן זיך אָפּציזאָגן פין דער אַרבעט!

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— וואָס ווילסטו דען? עס זענען דאָך היינט עפּעס יאָ דאָ דיינע שירות...

מיסטער בינאָקל:

— וואָס?!

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, זיכט אַרים זיך מיט די אויגן:

— ווי איז דאָס בלאַט? (נעמט עס פין שרייבטיש, ניט עס אַ וויקל) אָט, וואָס איז דאָס?..

מיסטער בינאָקל, דערשטוינט:

— אַן אמתער גראָבער ייִנג. פּערפיהרט מיט מיר אַקריעג וועגן דעם, אַז עס איז נישט אַריין...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אַ העצעלע, מסתמה...

מיסטער בינאָקל:

— שוואַרץ יאָר ווייסט אים...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ני שוין?.. אָט האָסטי... לוינט שוין בייז צו זיין?..

מיסטער בינאָקל:

— איך זאָג דאָך אייך, ער צעמישט מיך אַלעמאָל, אָט

דערדאָזיקער גראָבער יינג...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— און די מעשה גופא, ווי האָסטי געגנימען?.. ס'איז דאָך

עפּעס גאָר פיין...

מיסטער בינאָקל:

— אָט דאָס קאָסט ערשט רעכט — בליט...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי.

— בליט?! וואָס, אַ ליובעלע? אָן אימגליקליכס? האָסט דיך

שוין „פּערדרייט" אין וועהמען?

מיסטער בינאָקל:

— אָט, דאָס איז עס... איך ליעב אָן שום אויסזיכטן...

רעדאַקטאָר:

— אָט דאָס איז שלעכט. ווער איז זי?

מיסטער בינאָקל:

— אָט דאָס איז נאָך ערגער.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— דהיינו?...

מיסטער בינאָקל:

— איך ווייס אויך נישט, ווער זי איז...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— הער, בינאָקעלע! די ווייסט גאָרנישט, ווער די פרוי

איז וואָס די ליעבסט?

מיסטער בינאָקל:

— כמעט, נישט.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אַ גייסט, אַ געשפּענסט, אַ מלאך... ווער מיז זי דאָן זיין...

מיסטער בינאָקל:

— אַ רעטעניש...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אַ רעטעניש, נישט קיין פרוי, נישט קיין קערפּער?...

מיסטער בינאָקל:

— צי קען איך זי אָנעמען פאַר אַ געוויינלעכע פרוי, ווען יעדע נאָך האַלבער נאַכט קימט צי איר אַ מאַיאָר אַ מכשף?..

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— האָסטי זי דאָך דאָ בעשריבן, אַז זי איז אַ פרוי פין אַ געוויינליכן ייד: זי לייד פין נירן, לעהבער, גאַלשטיינער, און אזוי ווייטער...

מיסטער בינאָקל:

— אָבער דאָס איז נישט זי. ערשט נעכטן ביינאַכט, ווען איך בין געזעסן דאָרט אויפן בוידעם, אַנטקייגן אירע פענסטער, צי אָבסערווירן זי, האָב איך ערשט געזעען, ווער זי איז, און, אַז מיט די אַלע קרענק גיט זי זיך נאָר אָן פאַר דעם מאַן, כדי ער זאָל נישט טאָרן לעהבן מיט איר. און, אַז יעדע נאָך האַלבער נאַכט זאָל קענען קימען צי איר אין בעזינדערן שלאָפ-צימער נישט דער מאַן, נאָר דער מאַיאָר, דער מכשף. און, אַז זי איז נישט קיין פּראָסטע, נישט די, פאַר וועלכע זי פער-שטעלט זיך פאַרן מאַן, האָב איך געזעען אין דעם: פּינקט צוועלף ביינאַכט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ געשטאַלט אין אַנטקייגנאיבערדיקן בוידעם-לאָך, וואָס איז טאַקי איבער אירע פענסטער, און מיך געפרעגט: „וואָס טיהסטי דאָ?...״ ווי האָט זי געוויסט, אַז איך אָבסערוויר איר?

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— און דאָס איז געווען זי אַליין?

מיסטער בינאָקל:

— ניין, דאָס דיענסטמיידל, וואָס זי האָט, מיז זיין, אַרויפגעשיקט, מיך אָפּציאָגן. איך האָב איר דערקלערט, אַז איך בין נישט קיין גנב פין וועש אויף פרעמדע ביידעמער. אָבער אַ שרעק איז מיך בעפאַלן, ווען כ׳האָב געזעען, אַז אויך די דיענסט איז געשטאַנען אין אַ קלייד פין בלויז זילבערנע פלי-טערלעך און מיט אַ ברענענדיק ליכטל אין דער האַנט האָט זי געכשופט עפּעס קייגן דער לבנה... אָט אַזוי, ווי כ׳האָב די סצענע בעשריבן היינט אין בלאַט.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— מערקווירדיק.

מיסטער בינאָקל:

— אָבער געשראָקן האָב איך מיך, נאָר נישט דערשראָקן, פערווינדערט, אַבער נישט פערלוירן. און איך האָב אויסגעניצט די דאָזיקע געלעגנהייט צו אַ בעקאַנטשאַפט מיט דעם דאָ-זיקן דיענסטמיידל, כדי צו קענען אַריינדרינגען אין שטיב פין מיין געליעבטער און געוואָר ווערן אַלע סודות. איינס בין איך זיכער: אַז די בעל-ביתטע אירע איז אַ פרינצעסין, אָט דאָס גע-שטאַלט נעמט זי טאַקי אן יעדע נאָך האַלבער נאַכט, ווען דער מאַיאַר-מכשף קימט צו איר, און אַ גאַנצן טאָג פאַרן מאַן, איז זי די קראַנקע, די מיגרען ליידנדיקע, די גאַלשטיינער-פערקווע-טשטע, מיט איין וואָרט — אַ געוויינליך קראַנקע פרוי.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני, בינאָקעלע, איך ווינטש דיר דערפאָלג. ס׳איז אַן אויסערגעוויינליכע געשיכטע...

מיסטער בינאָקל:

— יאָ. אָבער, מיין ליעבע איז פערביי.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— מאַ, וואָס קען מען טיען, אַז מען איז בעשאַפן, נאָר כדי צי ליידן, — איך זעה אַזוי... אָט האָב איך געמיינט, אַז נאָר איך אַליין לייד: אויף דער עלטער — מען קען נישט שלאָפן, ווי געהע. יק, מען קען נישט עסן אויף דעם פילן מויל געדינגענע ציין: אַנשטאָט לויפן וואָלט מען געדאַנקט גאָט, אַז מען זאָל קענען גייען. מען קען נישט אויפנעמען אויך דאָס וואָרט שוין לויטער, עפּעס, ווי אַ זיפּל ליגט אויפן אויער, מאַנכעס מאָל אויך אויף דעם מח. די אויגן זעען, ווי דאָרך אַ נעפּל: — פאַר מיר איז שוין דער הימעל נישט אַזוי בלאָ, נאָר ווייסלעך, ווי פּאַ-רע... איצטער ווער איך געוואָר, אַז יינג צי זיין איז אויך נישט גיט, אויך די ליידסט... (נעמט אַרויס אַ האַוואַנער ציגאַר פין אַ שעכטל אויפן שרייב-טיש, איז אים מכבד, זיך אַליין אויך, ביידע פערייכערן) נאָר פינדעסטוועגן, פאַל נישט אַראָפּ ביי דיר. (קליינע פויזע) ווילסטי אפשר טיי?

מיסטער בינאָקל:

— ניין. דאַנק! מען דאַרף גייען. (שטייט אויף)

רעדאַקטאָר עטי פייטי, שטייט אויך אויף צים בעגלייטן אים:

— דאָך, פּאָרזיכטיק שאַדט נישט צי זיין. די האָסט צי טיען מיט אַ מכשף אַ קאָנקורענט...

מיסטער בינאָקל:

— אַ גיטן טאָג.

רעדאַקטאָר, בעגלייטנדיק אים צי דער טיהר:

— אַ גיט יאָר. (בלייבנדיק אַליין) אַ שאַד אַזאַ יינגער יינג, גייט זיך ערשט פערפּלאָנטערן צווישן שדים...

## קאַפּיטל צוויי

מיסטער בינאָקל אין זעלבן טאָג, האַלב צוויי אַזייגער, גייט אַדאָרך אין דער פאָרגדיקער געשעפטס שטיב פון דער רע-דאַקציע.

אַ ייד מיט אַ צעפּלאָנטערטער באָרד, שטעלט אים אָפּ:

— כ׳בעהט אייך, ווי גייט מען דאָ אריין צים רע-דאַקטאָר?

מיסטער בינאָקל:

— כ׳ווייס נישט. (אָפּ אין אַ ווייטער צימער)

אַנאָנסן אַגענט:

— צי וואָס האָט איר געדאָרפן דעם רעדאַקטאָר?

ייד:

— אַז ס׳איז גאָר ליגנט די גאַנצע מעשה...

אַנ. אַגענט:

— וואָס פאַר אַ מעשה?

ייד:

— מיט די שדים...

אַנ. אַגענט:

— פאַרוואָס איז ליגנט?

ייד:

— אַז דאָרט וואוינט באָרנישט קיין גימפּל ראַפּאַלאָוויטש...
ווען איר גיט כאָטש אָן שמעון ראַפּאַלאָוויטש, מילא, זאָג איך, קען מען זיך טועה זיין פֿין שאול אויף שמעון, ווייל אויף דעם פּלעטל פֿין דעם הויז איז, פֿין שטענדיק אָן, געשטאַנען דער ערשטער נאָמען נישט אינגאַנצן, נאָר בלויז אַ „ש״... איז אַ קלעהר, אַז מען האָט אַ גרייז געמאַכט, שאול — שמעון, אָבער אַז גימפּל איז אינגאַנצן נישט איך.

אַג. אַגענט:

— נאָר וואָס זשע דען זאָגט איר?

ייד:

— אַז דאָס וואָס ס'איז געשריבן היינט אין דער צייטונג, איז געשעען ביי אַן אַנדערן. (ציהט אַרויס פֿין קעשענע אַ צייטונג, ווייזט אויף אַ שטעלע אין איר) אָדער, עס האָט אויך געקענט געשעען, ווייל ס'איז אינגאַנצן אויסגעטראַכט, און דער אויסטראַכטער האָט גאָרנישט געוויסט, וואָס ביי מיר אין הויז טיהט זיך. ער האָט זיך ביי קיינעם נישט אינפאָרמירט, נאָר ביים שילדל פֿין הויז, ווייזט אויס, אַז שדים טאַנצן ביי מיר... און, אַז „צוועלף בייגאַכט, האָט ער אַליין געזעען״, ס'הייסט, דערדאָזיקער, וואָס האָט דאָס געשריבן, „ווי אין בוידעם-לאָך שטייט אַ פּרויענגעשטאַלט, אין אַ זילבערן קלייד, און, דערציִ, כשופט זי עפּעס מיט אַ ברענענדיק ליכטל קייגן דער לבנה״...

אַג. אַגענט:

— און פֿין וואַנען איז עס געדרינגען, אַז די איינציקע אינפאָרמאַציע האָט ער גענומען בלויז ביים פּלעטל פֿין הויז?..

ייד:

— ווייל נאָכדעם, ווי דער רעגן האָט שוין לאַנג אָפּגע־שווענקט צוויי פּאַסיקלעך פון ביידע זייטן פון דער שין אויף דעם פּלעטל פון מיין הויז און, דערצו נאָך, אַ האַלב פון שפּיץ פיסל... איז געבליבן אַ בפירושע גימעל, אויף צו דריגגען גימפּל דער־פין... ני, זעה איך דאָך, ווי ער האָט גענומען אינפאָרמאַציעס... און איצטער, אי ס׳איז איך, ווייל ס׳איז אָנגעריפן די גאַס, דער עק שטאָט, דער נאָמען ראַפּאַלאָוויטש; אי ס׳איז נישט איך, ווייל עס איז נישטאָ דער נימ. פון הויז און ס׳איז אַ נאָמען גימפּל גאָר, נישט שאול, און דער עיקר, ווייל ביי מיר אין הויז קומט קיינמאָל גאָרנישט פאָר אַזעלכעס...

אַג. אַגענט:

— קענט איר, הייסט עס, אין געריכט נישט אָנגעהבן אויף אינז, וואָרן ס׳איז נישט אייך געמיינט.

ייד:

— אַודאַי נישט מיך.

אַג. אַגענט:

— טאָ וואָס אַרט עס אייך, וואָס ס׳איז ווער עס איז בעשריבן?

ייד:

— אָבער דאָס איז דאָך איך...

אַג. אַגענט:

— ס׳טייטש, איר זאָגט דאָך אַליין, אַז ס׳איז נישט איר.

ייד:

— ניין.

אַג. אַגענט:

— ני טאָ וואָס זשע?

ייד:

— ס'איז דאָך אָבער יאָ...

אַנ. אַגענט:

— מיין ליעבער ייד, כ'האָב נישט קיין עצה. אויב עס גייט אייך דוקא אין דעם, איר ווילט עס אַפּלייקענען, בעצאָלט פאַר אַן אַנאַנס. מיט וואָס האַנדלט איר?

ייד:

— מיט פּעסער טראָן.

אַנ. אַגענט:

—גיט אַן אַנאַנס, אַז איר האָט צו פערקויפן פּעסער טראָן, וועט מען די אַפּלייקענונג אויך געהבן.

ייד:

— טראָן? סוחרים נעמען אַזוי ביי מיר צו דעם טראָן.

אַנ. אַגענט:

— טאָ בלייבן דאָך אייך ליידיקע פּעסער, טאָ גיט זשע אַן אַנאַנס, אַז איר האָט ליידיקע פּעסער צו פערקויפן.

מיסטער בינאקל, קימט פון וויי־טערן צימער מיט אַ קאַסע־קוויטעלע אין דער האַנט צום קאַסע־פענסטערל, גיט אַ ווינק צום אַנ. אַגענט. אין אַ זייט:

— ווער איז דער?

אַנ. אַגענט:

— עפּעס אויף אַ מעשה מיט שדים איז ער זיך געקימען קלאָגן.

מיסטער בינאָקל:

— לאָזט אים איינגאַנצן אַדאָרך.

דער ייד שטייט, שטייט, פערלאָזט לאַנגזאַם די רעדאַק־ציע (אָפּ).

# קאַפּיטל דריי

פֿאַרנאַכט, זעקס אַזייגער, ביי רבקהלע פֿיינגאָלד אין קיך. רבקהלע דערהערט אַ קלינג פֿון דער קאָרידאָר-טיהר, לויפֿט אַרויס, קימט צריק מיט מיסטער בינאָקלען, דריקנדיק זיך שטאַרק די הענט.

מיסטער בינאָקל:

— נו, ווי זענט איר געשלאָפֿן די נאַכט:

רבקהלע פֿיינגאָלד:

— אויסער חלומות, זייער גוט...

מיסטער בינאָקל:

—טיהט מיר אַ הנאה. ערשטנס אייער גוט שלאָפֿן, צווייטנס טיען מיר אויך אַ הנאה אייערע חלומות...

רבקהלע פֿיינגאָלד:

— איר ווייסט דאָך נישט וואָס פֿאַר אַ חלומות.

מיסטער בינאָקל:

— נו, מען קען זיך לייכט פֿאָרשטעלן...

רבקהלע פֿיינגאָלד:

— איר קענט אַביסעלע צו לייכט מאַכן אַ טעות... ווייל כ׳האָב אייך געזען געטראָפֿן אַ פֿערטראַכטן אויפֿן בוידעם קייגן דער לבנה, מיינט איר?..

מיסטער בינאָקל:

— ני, און וואָס מיינט איר?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס זאָל איך מיינען וועגן היינטיקע בחורים? איך מיין, אַז ס'איז זיי טאַקי גלייכער צי זעען אין חלום, איידער אויף דער וואָר...

מיסטער בינאָקל:

— איר זאָלט נישט לאַכן, פריילין: אין וועהמען מען איז פערליעבט, איז מען טאַקי פערליעבט.

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס, איר דערקלעהרט זיך מיר שוין אין ליעבע? איך האָב דאָך אייך נאָר געזעען איינמאָל און אויף אַ בוידעם... אפשר זענט איר טאַקי אַ שד?..

מיסטער בינאָקל:

— ניין. איך האָב עס גאָרנישט געזאָגט, אַז איך ליעב אייך...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, קימט זשע אַרינטער דאָ אינטערן ווענטל... (זי פיהרט אים אינטער אַ שפּאַניש ווענטל, וואָס האָט אַן איינגאַנג, ווי אַ טיהרל. פון דאָרט זעהט זיך אַרויס איר בעטל, אַ קליין טישעלע מיט אַ צוויי בלימלעך אין אַ גלעזערנעם, שמאָלן קלאָשל) וועגן וואָס מיינט איר, פיהר איך אייך אַרינטער דאָ אַהער?.. מיין בעל ביתטע איז אַביסל אַ שוואַכע און, איך וויל איר נישט שטערן מיט מיין שמיעסן, אַזוי, דאָ, אינטערן ווענטל, איז ס'קול שטילער...

מיסטער בינאָקל:

— גאַנץ גלייך טאַקי... איך האָב מיך אָבער געוואָלט אינפאָרמירן, פריילין, ווער איז דער מכשף, וואָס קימט אַהער יעדע נאָך האַלבער נאַכט?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— דאָ אַהער?.. ני, איר... אויסער אייך, איין מאָל, האָב איך קיינעם נישט געזעען...

מיסטער בינאָקל:

— געלעכטער אָן אַ זייט. רבקהלע, איך פרעג אייך ערנסט, איז אייך אזוינס נישט בעקאַנט?.. (קליינע פויזע) איך זעה, איר קיקט פערווינדערט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— זעער שטאַרק פערווינדערט... איר טרייבט דאָך שפּאַס...

מיסטער בינאָקל:

— ני, אַז ס'איז שפּאַס, וועט איר שפּעהטער זעען... ווען עס וועט קלעהרער אַרויסקימען...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, וואָס גייט עס מיך אָן?.. צי מיר קימט נישט קיין נאַר, נישט פאַר האַלבער און נישט נאָך האַלבער נאַכט...

מיסטער בינאָקל:

— און, אַז צי אייער וויהרטין?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, אַרט עס אייך אַזוי שטאַרק?..

מיסטער בינאָקל:

— געוויס.

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, גייט זשע צי מיין וויהרטין...

מיסטער בינאָקל:

— ווילט איר מיר נישט זאָגן?

רבקהלע פיינגאָלד:

— ניין.

מיסטער בינאָקל:

— אָבער דעם פאַקט גופא לייקנט איר נישט צו?

רבקהלע פײַנגאָלד:

— ניין.

מיסטער בינאָקל:

— ני, גיט — מער דאַרף איך נישט...

רבקהלע פײַנגאָלד, ריקט זיך צוריק אַרויס אין דערמיט קיך:

— אַז איר דאַרפט נישט, דאַרפט איר נישט...

מיסטער בינאָקל:

— רבקהלע, וואָס אַנטלויפט איר?

רבקהלע פײַנגאָלד, נעמט די באַרשט אין האַנט אַרײַן:

— כ׳האָב נישט קיין צייט...

מיסטער בינאָקל, פערנאָטירט עפּעס בײַ זיך און פרעגט אײַנצײַטיק:

— טאָ ווען ווילן מיר זיך זען נאָכאַמאָל?

רבקהלע פײַנגאָלד:

— איך ווייס נישט...

מיסטער בינאָקל, לייגט אַרײַן דאָס נאָטירטע אין קעשענע:

— ני, גיי איך איצט און וועל קימען אַ צווייט מאָל.

רבקהלע פײַנגאָלד, קעהרט די פּאָדלאָגע:

— מען דאַרף נישט...

מיסטער בינאָקל:

— ניין, רבקהלע, איך וויל אייך זען אַלעמאָל... (געזעגנט זיך געשווינד, גיט איר די האַנט) האָט מיר אַ גיטן אָוונט... (לויפט געשווינד אַרויס. אָפּ.)

רבקהלע פײַנגאָלד, פאַר זיך:

— אַ מאָדנער מחבל, אַ מאָדנער שד...

רבקהלע בלייבט שטיין אין דער מיט קעהרן. פין אינדערן פענסטער, ווי ס׳איז גיט טינקל, העערט זיך אַ סערענאַדע:

אָ, ליעבע, מיין ליעבע,
בעווייז דיין געשטאַלט,
לאָז נישט אויסגייען מיין נשמה
אין מדבר, אינם וואַלד.

ווי שלעכט ס׳איז די וועלט,
און די אויערן פערשטעלט,
ס׳איז מיין בריסט טיעף צעקרעלט,
און בליט פין האַרץ קוועלט.

אָ, מאַך שוין אויף דיין טיהר,
און ווייז דיין פנים מיר,
דעם, וואָס שטייט דאָ אינטער איר
און בעהטלט ליעבע פין דיר.

ווען קימען וועט די צייט,
פין מאַיאָר וועערסט בעפרייט,
פין פערוואַנדלונג קימסט אַרויס,
דערלייזט וועערט דיין הויז...

רבקהלע, פערקלעהרט, לאַנגע פויזע:
— פינדעסטוועגן איז עס עפעס נישט פראָסט...

אין דער פריה. רבקהלע פיינגאָלד שטעלט אַנידער פאַר דער בעל ביתטע, נעבן איר ליג-שטיהל, אויף אַ קליין בענקעלע, אַ טאַץ מיט זעמעל, פיטער און אייער.

בעל ביתטע:

— וואָס ביסטו, רבקהלע, היינט אויפגעשטאַנען אַזוי פריה?

רבקהלע פיינגאָלד:

— כ׳האָב נישט געקאָנט שלאָפן. מיר האָט זיך געחלומט עפּעס... בין איך אויפגעשטאַנען, ס׳איז שוין געווען טאָג, בין איך אַראָפּ צו מיין קעסטל איבערקוקן די וועש...

בעל ביתטע:

— ני, וואָס האָסטו געקוקט?

— צום ערשטן האָב איך געמיינט, אַז מען האָט זי מיר געגנבעט... דערנאָך האָב איך געזעען ווי שיין זי איז, ווי יע-דעס שפּיצעלע איז אַזוי שיין געהאָפטן, ווי די פעלבעלעך זענען געפּרעסטע, אַ פּערגעניגן, און ס׳האָט מיך נישט געגליסט אַוועק-ציגייען פון די וועש, נאָר צו זיצן און צו קיקן, און קיקן...

בעל ביתטע:

— ני, וואָס האָסטו געטיען?

רבקהלע:

— האָב איך מיך אַנידערגעזעצט איבער איר און איך בין געזעסן...

בעל ביתטע:

— ני, וואָס ביסטו געזעסן?

רבקהלע:

— דערציילן אייך דעם גאַנצן אמת?.. עס האָט זיך מיר געדאַכטן, אַז איך בין שוין פאַר אַ חתונה און איך זיץ און לייג מיר איבער מיין וועש און איך מאַך מיר אַלץ גרייט... עפּעס ווי אַלץ פון אַרים וואָלט שוין געווען, ווי ביי אַ יינג ווייבל אין שטיב...

בעל ביתטע:

— ני ווילסטו שוין חתונה האָבן, רבקהלע?

רבקהלע:

— ני, יאָ, מאַלע וואָס איך וויל... דער חתינה-האָבער איז אָבער נאָך נישטאָ...

בעל ביתטע:

— ני, וואָס זשע האָסטי געטיען?

רבקהלע:

— האָב איך פערמאַכט דאָס קעסטל, בין ציגעגאַנגען צים קראַן וואַסער, כ׳האָב אָראָפּגעלאָזט די שעלקעס פין העמד, ביז צים גאַרטל, און כ׳האָב מיך אַזוי געניִמען וואַשן, אַז אַ ראָסע איז אַזש ארויסגעקימען אויף מיר און דאָס גאַנצע לייב איז געוואָרן שטייף און איינגעצויגן און קלאָר, ווי זילבער...

בעל ביתטע:

— ני, וואָס זשע האָסטי געטיען?

רבקהלע:

— כ׳האָב געהאַט אַ הנאה צי קיקן אויף די אויפגעשטעלטע בריסט-וואָרצעלעך, פּינקט ווי די קליינע קיימענדלעך פין האַרמאַטן... און ווען כ׳האָב געווישט מיטן האַנטיכל, האָב איך געמיינט, אַז זיי פּלאַצן, אָדער שיעסן אויס, פין רויטקייט... כ׳האָב מיך טאַקי לאַנג נישט געקענט שיידן מיט זיי... (כאַפּט זיך אָן איי איין בריסט, קישט אין ווערצעלע אַריין, דערנאָך ביי דער צווייטער דאָס זעלבע).

בעל ביתטע:

— משוגענע, ווי איך זעה, ווילסטי דאָך טאַקי חתונה האָבן...

רבקהלע:

— ני, יאָ, ני, וואָס זשע קימט מיר דערויס, אַז דער חתונה-האָבער איז נישטאָ...

בעל ביתטע:

— ני, וואָס זשע האָסטי געטיען?

רבקהלע:

— האָב איך מיר צריק אָנגעטיען דאָס העמד און, כ'האָב בעשלאָסן, אַז היינט מיז איך מיר גייען נעמען אויף נאָך איין זיידן בלוזקעלע...

בעל ביתטע:

— פאַרוואָס עפּעס?..

רבקהלע:

— ווייל עס האָט זיך מיר געחלומט אַ חלום... אַז איך שטיי אין איין פענסטערל און אָנטקייגן מיר, איבערן הויף, שטייט אַ יינגערמאַן פין אַ יאָר צוויי און צוואַנציק, מיט באַקן-פּאותלעך, אין צווייטן פענסטערל... און וואָס מעער ער קיקט אויף מיר, אַלץ מעער פערשעהם איך מיך, ווייל דאָס בלוזקע-לע, וואָס איך האָב געטראָגן אין חלום, איז עפּעס געווען אַזאַ אָפּגעבלאַקירטס און אָפּגעשאָסנס...

בעל ביתטע:

— ני, גיט, ני, גיי זשע, רבקהלע, און נעם דיר אויף אַ בלוזקעלע. און געלט האָסטי?

רבקהלע:

— יאָ, געלט האָב איך נאָך פין יענעם חודש די פּענסיע, איך האָב זי נישט אַוועקגעטראָגן אין דער באַנק אַריין.

בעל ביתטע:

— נאָר, רבקהלע, זאָלסט דיך נישט פערגעסן. דער הער וועט באַלט קימען פּאַקן די זאַכן. איך פאָר היינט אַרויס אויף דאַטשע.

רבקהלע:

— זעער גיט, זעער גיט. נישט מעער ווי צוויי שעה.

בעל ביתטע :

— און העערסט : ביסט דאָך אַ לייכטזיניק מיידל, געדענק
זשע, אַז איך פאָר אַרויס, גיט מען דיר איבער די שטיב אין
די האַנט אַריין...

רבקהלע :

— זאָל די בעל ביתטע נישט קיין מורא האָבן, עס וועט
ה׳ילה, נישט פעהלן קיין איין פאָדעם אויך.

בעל ביתטע :

— און קיין ייגגלעך זאָלסטו אויך נישט אַריינעמען...

רבקהלע :

— אַוודאי נישט...

# קאַפּיטל פיר

ביי אַ גרינעם טיש זיצט דער רעדאַקטאָר פין דער זעל-בער צייטונג, ה׳ ע, טע, פּע, טע... ער קנעהט מיט די פינגער אין טיילמאָל גלעטיקט ער מיט זיי דאָס גרינע, ציגעשלאָגענע געוואַנט פין זעלבן שרייב-טיש און רעדט אַריבער צי אַ הער, וואָס זיצט ביי אַ צווייטן טיש, איינגעשפּאַנט אין האָלאָבלע-בריילן איבער די אויערן און האָט אַ פּליכל אויפן קאָפּ. דאָס פּליכל האָט ער פין צייט אָן דאָס בייכל איז אים געוואָרן שפּי-ציק און ער ליידט אויף ציקער.

רעדאַקטאָר:

— ע, טע, טע, וואָס איז דען די נפקא מינה, צי עס שטייט אין דער ענציקלאָפּעדיע? אויף רוסיש הייסט עס צערע-מאָניאַלער מארש, אויף אַנדערע שפּראַכן — דעפּיליאַדע, אָדער, ווייס איך ווי.

יענער הער, נישט אויפהייבנדיק די אויגן:

— ני, יאָ, אַלץ איינס...

— כ׳מיין, מען קען אויך אָנריפן „פּאַראַד”, פייערליכ-קייט?...

יענער הער.

— יאָ, כ׳מיין אויך.

— אָבער יעדנפֿאַלס נישט „מאַניאָוורי". ווייל „מאַניאָוורי" הייסט שוין מאַניעווירן, לאַווירן, סטראַטעגישע שפּיעל, וואָס „פּאַראַד" קען דאָס נישט הייסן.

יענער הער:

— כ'מיין אויך, אַז ניין.

— ע, טע, טע, טע. ני, ווי זענען עפּעס אינזערע מיט־אַרבעטער?

יענער הייבט אויף די אויגן אויף דער קייגנאיבערדיקער טיהר, גיט אַ בייג אויס די האַנט מיט דער אויבערפֿלאַך אַרויף:

— מסתּמה...

עס עפֿנט זיך די טיהר. אַ יינגערמאַן קימט אַריין, הויך, דעם קאָפּ אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט, מיט איבערגעבויגענע פּלייצעס:

— גיט מאָרגן.

רעדאַקטאָר:

— אַ... גיט מאָרגן. וואָס מאַכט איר?

קיקט זיך ערשט גיט איין, וואָרן געענטפערט האָט ער, צוליב קאָרצזיכטיקייט, נאָך איידער ער האָט דערקענט:

— אַ, דאָס ביסטו, האַ?

דער יינגערמאַן שאָקלט מיטן קאָפּ.

— האָסטו געזעען דעם טריומף פֿין די ציוניסטן?

— יאָ.

— ני, ס'איז דאָך דיין פֿעלד... ני. דאַרפֿסט דאָך בעגריסן.

— אַודאי בעגריסן.

— און „וואַזשנע" בעגריסן... איך מיין, עס זאָל זיין...

— כ'פֿערשטיי...

— ני, וואָס זשע זוימסטו, האַ?

דער ייִנגערמאַן:

— כ'ווייס... כ'האָב אפילו געוואָלט דאָס אַרטיקל שרייבן אין דער היים...

— צי וואָס אין דער היים? אַז די 'עסט וועלן, נאַרע-לע... אָט דאָ, באַלט...

ייִנגערמאַן:

— גיט... — גייט צריק דאָרך דער טיהר.

רעדאַקטאָר עטע-טעמע:

— ווי זעגען די איבעריקע?

יענער הער גיט אַ קיק איבער דער פערמאַכטער טיהר, אַ בייג אויס די האַנט מיט דער פלאַך אַרויף:

— כ'ווייס? מסתמה...

עס עפנט זיך די טיהר, עס קימט אַריין אַ ייִד מיט אַ צעוואַקסענער באָרד ביז אין גאַרטל און אין גאָלן קאָפּ.

דער רעדאַקטאָר עטע-טעמע:

— האַ, איר טיהט עפּעס?

— וואָס?

רעדאַקטאָר עטע-טעמע:

— איי, ע, טע, טע, טע... איר האָט גאָרנישט געזעען?

דער גראָדזיצקער מאַכט חתונה אַן אייניקל. מען זאָגט: עפּעס גאָר-גאָר „וואַזשנע"...

דער ייִד מיט דער באָרד, אויך אַביסל קאָרצזיכטיק, ווייניקער ווי דער רעדאַקטאָר, בייגט זיך אויך אַביסל צי בייגן אייַנקיקן זיך אין רעדאַקטאָר, מאַכט אַזש פין פּנים אַ צע-קנייטשטע פייג, די נאָז פערקוועטשט זיך, ווי זי וואָלט געלעקט ציטרין, בשעת אַרים די אויגן בילדן זיך אָן אַ שיעור פעלבע-לעך, און ער באַמבקעט אינטער:

— בים-בים-בים...

דאָס איז דער טייטש, אַז עס וועקט זיך שוין ביי אים דאָס געהער, און אַז די געדאַנקען ביי אים הייבן זיך שוין אָן...

דער רעדאַקטאָר עטע-טעמע:

— דער מונקאַטשער מיטן ראַדימנער דאַרפן זיך דאָ טרעפן...

דער ייִד מיט דער באָרד שאָקלט זיך צו, אינטערעסירנ־גענדיק:

— בים, בים, בים...

דאָס איז דער טייטש, אַז איצטער הייבן זיך שוין די געדאַנקען גאָר שטאַרק אָן.

רעדאַקטאָר:

— ניי, גייט זשע, באַלעמיטשעט נישט... זעצט אייך דאָרט ווייזט אַריין אין די צווייטער שטיב) ביי אַ טיש... מען זאָגט, אַז עס וועט זיין גאָר „וואַזשנע"...

דער ייִד מיט דער באָרד גיט זיך אַ קראַץ אויפן מיטן קאָפּ, און בלייבנדיק שטייען מיט די פינגער אויף אים, קעהרט ער צוריק אין די פריערדיקע שטיב.

דער רעדאַקטאָר אינטער אים:

— צייט וועלט שטייט, זאָגט מען, איז נאָך אַזוינס נישט געווען. גאָר-גאָר!... (פויזע).

דער רעדאַקטאָר עטע-טעמע, נאָכן פערשווינדן פון דעם:

— און די רעשט ווי זענען?

יענער הער, אַ קיק געהבנדיק אויף די פערמאַכטע טיהר, בייגט אויס די האַנט מיט דער פלייץ אַרויף:

— כ'ווייס, מסתמה...

די טיהר עפנט זיך, און עס קימט אַריין אַ נידעריקער, אַ קליינער מיט אַ גרויסן קאַרליק-קאָפּ אין אַ נייעם אַנצוג, מיט

ברייטליך, שייגעצעוואַט צעשטעלטע פּיס.

רעדאַקטאָר עטע-טעמע:

— ע, וואָס מאַכט איר?

— איך מאַך גאָרנישט...

רעדאַקטאָר עטע-טעמע:

— איר זענט דאָך ייִנגער געוואָרן.

— איך בין אַזוי אויך נישט אַלט.

— ני, וואָס שרייבט איר הײַנט? ע?

— אָ, איך שרייב גאָרנישט!

רעדאַקטאָר עטע-טעמע שטעלט זיך אויף, גיט זיך אַ גיטען קיק איין, און דערנעהנטערנדיק זיך אויף אַ צוויי טריט:

— איי, ס'אַנייער אַנצוג?

— יאָ.

רעדאַקטאָר:

— איר האָט געהערט, ווי ס'האָט זיך הײַנט פערקאָכט מיט די לעמבערגער געשעענישן?

— פאַר מייבעטוועגן זאָלן זיי זיך שמדן, אַלע ייִדן...

— „שייגעץ," וואָס רעדסטי? הע, הע, הע... אַ שיין ווערטעלע...

— ס'איז נישט קיין ווערטעלע...

— ני, און מען קען דען אַזוינס פערשווייגן? פּאָגראָמען!

— פּאָגראָמען? נישט מיך... איך האָב די נאַכט פערשפּיעלט 67 גילדן אין טערטל-מערטל, זענען זיי מיר מער אַ שאָד...

— „שייגעץ", וואָס רעדסטי?

דער רעדאַקטאָר עטע-טעמע קראַצט זיך אַביסל אינטערן אויער:

— האָסט דאָך געוואָלט עפּעס שרייבן...

— אַז איך שרייב נישט.

— ני, ני, ני... די בעסערע לעזער וואַרטן דאָך אויף דיין שטעלונג...

— אַז איך האָב גאָר קיין שטעלונג נישט.

— ני, ני, ני... דער אינטעליגענטער לעזער וויל, אַז די זאָלסט יאָ האָבן אַ שטעלונג...

— אַז איך בין נישט קיין אינטעליגענטער שרייבער, אַז איך וויל גאָר שרייבן פּאַר משהן...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ני, ני, ני... אויף דערויף זענען דאָ די שלעק..

— וויל איך אויך זיין אַ שלאַק.

רעדאַקטאָר עטע־טעמע, קראַצט זיך אינטערן אויער, אין פערלעגנהייט:

— איר ווילט דאָך, דאַכט זיך, אַ קוויטעלע צי דער קאַסע?

— פינוואַנען ווייסט איר?

— איר האָט דאָך נעכטן פערשפּיעלט ס׳גאַנצע געלט?

— אַז איך וויל נישט שרייבן דריי מאָל אין דער וואָך, אַז איך האָב געניג איינמאָל אויף אַ פּרייטיק.

— ני, ני ני... ע, טע, טע, טע... נאַט אייך אַ קוויטעלע צי דער קאַסע. (ער שרייבט אויף זיין באַטיצל, רייסט אַרויס אַ בלעטעלע, גיט עס אים, יענער כאַפּט עס, ענטלויפט, דער רעדאַקטאָר שרייט אים נאָך) דער אינטעליגענט וויל הערן דיין שטעלונג צי לעמבערג...

דער רעדאַקטאָר, נאָכדענקענדיק, דרייט זיך איבער צי יע־נעם הערס טיש:

— ווי זענען די אַנדערע?

יענער הער, איבערקערנדיק די האַנט מיט דער פלאַך אַרויף:

— מילא. כ׳ווייס? מסתמא...

עס עפנט זיך די טיהר, עס קימט אריין א פּאָר מאָרדעס אין א שווארצן פראק, מיט שאַרע, געפּרעסטע הויזן:

— גיט מאָרגן, הער רעדאַקטאָר. ס׳איז דאָ אַ מעשה מיט שדים און מיט אַ סערענאַדע, וואָס שכנים האָבן נעכטן ביינאַכט געהערט זינגען אויף אַ הויף. עס קאָכט שוין אימעטים מיט דער מעשה.

רעדאַקטאָר:

— הע, וואָס?

מאָרדעס:

— מען וואָלט געדאַרפט ציפאָרן מיט אַן אויטאָ, נעמען ידיעות אויפן אָרט...

רעדאַקטאָר:

— כ׳ווייס נישט, כ׳דאַרף זעען בינאָקעלען...

מאָרדעס:

— אַלץ בינאָקעלען?

רעדאַקטאָר:

— לאָשאַקל, ס׳איז דאָך שוין נעכטן געווען געדריקט אין אינזער צייטונג... די לעזט גאָרנישט די צייטונג?...

מאָרדעס:

— געווען שוין געדריקט?

ער פערשעהמט זיך, ציהט זיך צריק און פערשווינדט פין וואַנען ער איז געקימען...

רעדאַקטאָר עטע-טעמע צים בעברילטן הערס טיש:

— מען זעהט ווידער נישט קיינעם, —

יענער הער, גיט אַן עפן די פלאַך האַנט:

— מילא, מסתמא...

די טיהר עפנט זיך, עס קימט אריין אַ יינגערמאַנטשיק

אין אַ געהאַקט קאַפּעטקעלע, מיט אַ יידיש היטעלע, מיט אַ קליינער דענקע.

רעדאַקסאַ־ עטע-טע-מע.

— עך, אַ פּאָליטיק פּערקאָכט... ע, וואָס מאַכט איר? ברוך הבא!

דאָס געהאַקטע קאַפּעטקעלע:

— נישט קשה. דאַנק.

— איר האָט דאָך שוין עפּעס גאָר לאַנג נישט געשריבן.

— וואָס הייסט לאַנג? פון פּרייטיק-נימער אָן...

— איי, דער עולם וויל דאָך נאָך עפּעס הערן פון אייך...

— וואָס דער עולם וויל!...

— אי, וואָס רעדט איר, לאָשאקל... וואָס מיינט איר, דער עולם איז נישט קיין מבין אויף אייער שרייבן... די פּאָליטיק דעם פרייטיק, מיט דער „יאַרמעלקע״ און מיטן ענגלענדער, צעגייעט דאָך אין מויל... קען דען אַ ייד האָבן אַ עונג שבת אָן אַזאַ שטי־קעלע, וועגן הלכות דיפּלאָמאַטיע?... אין אַלעקסאַנדערער שטיבל, האָט מען מיר דערציילט, האָבן זיך צוויי יידן איבער אייך גע־פּאַטשט... איר מאַכט אָן מחלוקת, לאָשאַקל...

קאַפּעטקעלע:

— פאַרוואָס?

— איר שטעלט אויף צוויי צדדים — איינעם פאַרן טערק און איינעם פאַר ענגלאַנד...

קאַפּעטקעלע:

— מילא...

— זאָג די מיר, די, לאָשאַקל, מיזט דאָך יאָ וויסן, ווער ס׳איז גערעכט, דער טערק, אָדער דער ענגלענדער?..

— פאַר מייגעטוועגן שלאָגן זיי זיך ביידע קאָפּ אָן קישן... ביי מיר איז פּאָליטיקע אַ סוגיה... כ׳האָב געענדיקט די סוגיה

— פעו״מאַכט די גמרא... היינט ווייס איך שוין גאָרגישט...

— ני, געם זשע, שרייב עפּעס אָן אויך וועגן פּילסודס-קעלען...

דאָס קאַפּאָטקעלע דערפיהלט זיך שטייף:

— ע, דאָס איז שוין אַ שווערע מעשה...

רעדאַקטאָר עטע-טע-מע:

— וואָס?.. ע?.. „גנב ייִנג״. פאַר דיר איז פערהאַנען עפּעס שווערס?..

דאָס קאַפּעטקעלע, פּיהלנדיק זיך געשמייכלט:

— מילא... כ׳על מיזן קענען...

רעדאַקטאָר עטע-מעטע-מעטע, קראַצנדיק זיך אינטערן אויער:

— דאָס, פערשטייסטי מיך, מאַכט מען נישט אַזוי פּרע-טענציאָנעל... נאָר לייכט... (בסוד אין אויער אריין) פערשטייטטי מיך — דער צענזאָר... נאָר אַזוי לייכט... מיר זענען חלילה נישט געגן דער רעגירונג, נאָר נישט נעמען קיין שטעלונג געגן איר, כאָטש עפּעס... וועט עס הייסן, אַז מיר נעמען זיך נישט אָן... (בייגט זיך צי, אין אויער אריין), פאַר „משהן״... נאָר, פערשטייסטי מיך, אַזוי לייכט... לייכט... אָט האָסטי דאָרט אין יענער שטיב טינט און פעדער...

דער רעדאַקטאָר עטי-מעטי שטיפּט אים אינטער ביי דער טאַליע מיט גרויס ליעבשאַפט און חפציה׳לעך אין די צווייטע שטיב אריין. (קאפאטקעלע אָפּ).

דער רעדאַקטאָר צים בעברילטנס טיש:

— מען זעהט ווידער נישט קיינעם.

דער בעברילטער, אויפלייגנדיק די האַנט מיט דער פלאַך:

— מאַ, מסתמה...

נים עפנט זיך די טיהר. עס קימט אריין אַ ייִנג אין אַ

רויטן קראַוואַט, מיט אַ שוואַרצער נאָפּקע, און די הענט אין די הויזן-טאַשן:

— מען זאָגט, אַז אין ציוניזם טיהט זיך, אַ שרעק!..

דער רעדאַקטאָר, איינקנייטשנדיק די אויגן, זיך גיט איינקיקנדיק און ציגעגעהנענדיק:

— יאָ, וואָס „שייגעץ" איינער... (מאַכט אַ בעוועגונג, מכּלאמערשט צו געהובן אים אַ שנעל אין דער נאָז אַריין) וואָס טיהט זיך?...

— עס גייט אַ שטאַרקע קאָמפּאַניע ערשט צו דער „אַגעגץ"...

**דער רעדאַקטאָר:**

— וואָס, געגן?

— אַן אַגיטאַציע! אַ צעשמעטערנדיקע.

— און וואָס זאָגט די צייטונג דער „קאָנגרעס היט"? „דער צילענדער", מיין איך?...

ייגנג מיט דער נאָפּקע:

— אָט דאָס טאַקי איז דאָך איר אַרבעט.

— און וואָס פאַר אַ שטעלונג זאָלן מיר אָנעמען? מיר טאָרן דאָך נישט זאָגן דאָס זעלבע, וואָס יענע צייטונג...

— ס'איז דאָ אַן עצה: וואָס יענע זאָגט — זאָגן מיר נאָך שטאַרקער, אַזוי, אַז ס'זאָל הייסן: נישט יענע, נאָר מיר זאָגן...

רעדאַקטאָר עטי-מעטי-פעטי, מיט אַן אויסדריקליך געלעכטערל אויפן פנים:

— הע, הע, „שייגעץ"! (ווייל אים מכּלאמערשט געבן אַ שנעל אין דער נאָז אַריין. ביידע צעלאַכן זיך)

(פּויזע)

**רעדאַקטאָר:**

— און וואָס זאָגט די גאַס? ווי איז איר שטימונג?

— פערשיעדן, מען קען נישט זאָגן, אַז די גאַס איז אויך אין אַ געגן שטימונג צי דער „יידישער אַגענץ".

— ניין?

— ניין.

— זיכער?

— זיכער.

רעדאַקטאָר עטי פייטי, קראַצט זיך אינטערן אויער:

— ני, מיר וועלן נאָך האָבן וועגן דעם ענין אַ רעדאַקציע-זיצונג. מיר זאָגן נאָך דערווייל גאָרנישט... אָפּלייגן, דערווייל שווייגן...

דער ייִנג מיטן קראַוואַט, האַלב אין אויער פון רעדאַקטאָר:

— רעדאַקטאָר, אַ קוויטעלע...

— „לאָבוס" ייִנג. האָסט דאָך שוין די וואָך ביי מיר גענומען אַ סך קוויטעלעך...

— ניין, עס דאַכט זיך אייך נאָר...

רעדאַקטאָר שרייבט אין נאָטיצל, רייסט אַרויס אַ בלעטל, גיט אים, יענער שפּרינגט אַרויס דאָרך די טיהר.

רעדאַקטאָר עטי-פּעטי, קיקט צום בעברילטנס טיש:

— מען זעהט נישט און מען העערט נישט קיינעם.

דער בעברילטער, אויפמאַכנדיק די האַנט-פלאַך:

— מאַ...

עס עפנט זיך די טיהר, עס קימט אַריין אַ מאַנספערשוין, מיט אַ ווייבעריש ליכטיקער גלאַטיקייט אויפן מאַנספאַרשוינישן פּנים, וואָס וואָלט אפילו נישט געווען מאַנספערשויניש, ווען נישט די נאָז איז אַ לאַנגע, און די פּאַסמעס האָר, וואָס זעבען שוואַרץ, שיטן זיך אים נישט איבערן שטערן אַראָפּ, וואָס

דאָס גיט אים צו אַן אויטערליכע אינטעליגענץ און אַן אינער-ליכע בתולה-ריאיקייט; ווי די בתולה, וואָס ווייסט, אַז זי איז אַ מיידל, אַזוי ווייסט ער, אַז ער איז אַן „אינטעליגענט"...

רעדאַקטאָר טע-טע:

— אָט גייט אינזער שלימזלניק. נו, וואָס מאַכט איר, „שלימזלע", האַ?

— כ'מאַך אַ ליטעראַרישע זייט צום פרייטיק-נומער.

— נו, גיט זיך איין?

— כ'בענק דאָס גאַנצע לעבן נאָך אויסדריק...

רעדאַקטאָר עטי-פעטי-מעטי-עטי:

— איי, איי, דאָס איז גוט!.. אָט אַזוי דאַרף טאַקי זיין... מען דאַרף דאָס גאַנצע לעבן בענקען נאָך אויס-דריק. דער קינסטלער בלייבט אַלץ נישט צופרידן — נאָך נישט דערגאַנגען צו זיך... ער בענקט, ער בענקט... אַ רבי, דערציילט מען, האָט געהאַט זיך אויסגעריפן, אַז די תורה איז אַזוי טיעף, אַז ער האַלט ערשט ביי דער אַלף... געהטען איז אָנגעקומען מיט גרינע ווערם יעדער פּאַסנדער אויסדריק. אויף איין וואָרט איז ער געהאַט געשטאַנען איינמאָל אַ האַלב יאָר. נו, טיהט זשע שלימזלע, טיהט, אַז עס זאָל נישט פערשפּעטיקן צום נומער...

דער מאַנספּערשוין מיטן אינטעליגענטישן טשיפּרינעלע און דער ווייבעריש ליכטיקער גלאַטיקייט אויפן מאַנספּערשוי-נישן פּנים:

— יאָ, איך גיי שוין טאַקי. (אָפּ).

רעדאַקטאָר טע-טע, צום טיש פון הער אין די ברילן:

— און נישטאָ קיינער...

יענער, אַרויפּקעהרנדיק די האַנט-פלאַך:

— מאַ, מסתּמה...

עס עפנט זיך די טיהר און, אַ הויכער, אַ ברייטער, אין

אַ העלן סאַק מיט אויסלענדישע ברייטע נעהט איבער די אַקס-לען, ברייטע דרויסן-ציגעניייהטע קעשענעס ביי די זייטן, ווי צוויי פלעך, — שוואַרצע אויגן, אַ לאַנג פּנים, אַ לאַנגע נאָז און אַ שפּיציק שוואַרץ לאָפּאַטע-בערדל, אויפן קיק אַן אינזשע-נער, אָדער אַ קאַליפאָרנער גאָלד-שמוגלער ביי די גרובנס, שטייט שטייף, שטאָל, דאָס פּנים וויל צווינגען צו גלייבן, אַז אויף דער „מצבה" איז ער נישט קשה...

רעדאַקטאָר עטי-מעטי:

— אָ, אָט איז אינזער משורר... ווי פערברענגט איר דאָ הי? האָט איר אַ גיטע מיינונג וועגן אינזער שטעטעלע?

פּאָעט, מיט אַ רוסיש האַרטן אַקצענט:

— „פּאַלאָזשים"...

רעדאַקטאָר טעטי-מע:

— יאָ, גיט?

— נישטקשה... בעסער ווי אַמאָל...

— און ווי געפעלט אייך אַזוי אין אַלגעמיין?..

— יאָ, גאַנץ גיט...

— טע, טע, טע... אַ קלייניקייט... פערשטייט איר... אין דער צייט פין פּראָגרעס...

— געוויס, געוויס.

— איר ווייסט, אייערע אַרטיקלען, וואָס איר האָט אינז ציגעשיקט, האָבן מיר דאָך נישט געקענט דריקן ציליעב טייער-קייט. נאָר אַז איר זענט שוין דאָ, וועלן מיר אַודאי דאָרכקימען. האָט איר נישט אַקטועלס? כ'מיין, יענע זענען דאָך שוין אַלט...

— און דער ראָמאַן „דעם פעטערס פּידזשאַמע?"

יאָ, „דעם פעטערס פּידזשאַמע"...

פּאָעט, נעמט אים אַראָפּ אַ פעהדערל פין אַקסל:

— ני גיט, זאָל זיין דער ראָמאַן.

רעדאַקטאָר עטי-פּעטי, זיך קראַצנדיק אינטערן אויער:

— אַי, אַי, כ׳האָב אַ וויכטיק שטאָף פאַר אַ דיכטער... איר וועט טאַקי גייען זען די אביונישקייט דאָ הי...

פּאָעט (גרויס):

— איך?!

רעדאַקטאָר:

— אַביסעלע פּאָפּולאַריטעט, פערשטייט איר מיך... די אביונישקייט זעהט, אַז מען אינטערעסירט זיך דאָ אין דער ציימונג מיט איר...

— איך?

— ני, יאָ...

— ני, ני (פּויזע)...

רעדאַקטאָר:

— איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַ בעל-תּאווהניק... איר ווילט דאָך נאָר נגדים... איר קימט אויס בערלין...

פּאָעט בערלינער דיכטער:

— צי וואָס-זשע דאַרף מען גייען? כ׳וועל אָנשרייבן אין דער היים און ברענגען אייך.

רעדאַקטאָר:

— וואָס וועט איר שרייבן?

פּאָעט בערלינער דיכטער:

— געזעען דריי שוועסטערן מיט אַ מיטער אַן אַלמנה, זי מיט אַ קיישל גרינס און, די מיידלעך זענען בוגרת׳עס און וואַרטן אייף חתנים... און קיין שייטל האָלץ איז נישטאָ אין שטיב, און אָט דאָס וועל איך אייך ברענגען...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ניין, ניין, ניין, מען דאַרף אָפּפאָטאָגראַפירן אויך...

— ני, קריגט מען אין די געוועלבלעך די קאַרטעס, מיט אַ קאַץ, וואָס ליגט אויף אַ קוימען, וועט מען ציגעהבן דאָס, אַלס פאָטאָגראַפיע פין יענער אביונישקייט, ווי די קאַץ ליגט אויפן קוימען...

— איי, זענט איר אַ „שווינדלער״... וואָס אַרט עס אייך, אַז עס וועט טאַקי זיין אַ ריכטיקע פאָטאָגראַפיע? איר וועט טאַקי גייען און טאַקי נאָך איינער פין הינען, זאָלן זיי זעען, די אָרעמע, אַז די רעדאַקציע איז זייער פריינט... באַלט וועט עס דאָרט די געגנט וויסן... און נאָר אַזוי איז גיט... איז גיט...

בערלינער דיכטער:

— ני, איך וואָלט גאָרנישט געהאַט דאַגעגן. נאָר דאָס טיהט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער... האָב איך דאָך אָבער גישט דעם כבוד צי געהערן צי דער פעסטער משפחה פין הינען...

— אי, ני זאָגט שוין, ני זאָגט שוין: צי נעמען אַ שטענ־דיקע פענסיע... אַי, אַי... (קראַצט זיך אינטערן אויער) מילא, עמיר נאָך רעדן...

בערלינעד דיכטער גיט אים דערוייל פלינק אַ שטיפ אַריין זיין פאָטאָגראַפיע אין די האַנט:

— גיט דערוייל דאָס מאָרגן... מיט אַ פאָר ווערטער... (געזעגנט זיך איינצייטיק, אויך אַזוי פלינק, גליטשט זיך אַרויס דאָרך דער טיהר, פערמאַכנדיק זי נאָך זיך).

רעדאַקטאָר עטי־פעטי בלייבט שטייען ווי אַ בעמאַכטער, קראַצט זיך, אינטערן אויער:

— איי, איי, אַ געממזרטער יינג... אַזעלכע יינגען דאַרף טאַקי די רעדאַקציע צי האָבן... ער וועט גייען... ער וועט זיין אַ לייט... (קיקט זיך אים צים טיש, ווי עס זיצט דער הער אין

די ברילן.) אַ, ס'איז ווידער נישטאָ קיינער...
יענער הער, דעקט אויף די האַנט-פּלאַך:
— מילא, מסתּמה...
עס עפנט זיך די טיהר, אויף דער שוועל בלייבט שטייען אַ יינגע פרוי אין אַ פּרימען, שוואַרצן טראַכט, עס פעהלן איר נאָר שוואַרצע פּאַטשערקעס און אַ מעשן, געהל צלמל אויף דער האַנט אַרימגעוויקלט, אַז זי זאָל אויסזעען, ווי אַ מאָ-נאַכין.
רעדאַקטאָר עטי פעטי:
— ע—ע—ע! וואָס מאַכסטי עפעס, ווייבעלע? ווי גייט עס עפּעס צי מיט דיין ליכט-בענטשן? קים אַריין אַביסעלע.
די פרוי אין טראַכט קימט אַריין:
— איך בענטש דען עפּעס ליכט?
— אָבער דיין רוּבריק, מיין איך, דיין רוּבריק, ווי די לערנסט די ווייבלעך ליכט-בענטשן... זאָג מיר, ווייבעלע, ווי לאַנג ביסטו שוין הי?
— צוויי יאָר מיט זיבן מאָנאַטן.
— ני, און אַ מאַן?..
— איך דאַרף אים נישט דאָ הי.
רעדאַקטאָר קראַצט זיך אינטערן אויער:
— ני, און דאָס קען נישט שאַדטן צים נאָמען?..
— איך האָב מיר מיין שטיבל, ווער קיקט מיר דען אַריין.. אויף וויפיל איך דאַרף זיין פרים, בין איך, און אויף וויפיל איך דאַרף נישט זיין פרים, בין איך נישט...
רעדאַקטאָר:
— יאָ, יאָ, נאָר פרים... ס'איז דאָך דיין פּרעסטיזש... שרייב אָן עפּעס אַן אַרטיקעלע וועגן די אמהות... און בכלל וועגן רחלען, עס גייט צי שבת נחמו, ווי זי קימט פאַר גאָט.

די ווייסט דאָך, מיט דער טענה, פּרוואָס ער האָט אירע קינ־דערלעך פערטריבן...

— איך וועל אָנשרייבן.

רעדאַקטאָר עמי־בײטי:

— און מיט נאָך מעער טענה ווי אין די ספרים. גיט צי נאָך איין שאלה: „מיינע קינדער, וואָס פאַר אַ רעכט האָסטי צי טשעפּן ?.. מיינע... נישט די האָסט אויף זיי בליט פערגאָסן...״ און דערנאָך זאָל די מיטער רחל אַרויס מיטן גאַנצן מענה־לשון צי גאָט ברוך הוא, אַזוי ווי אַ יידענע קען... און נאָך אַ מיטער דערצי: „שוין זאָלסטי מיר גייען אויסלייזן מיינע קינדערלעך״... די העערסט, ווייבעלע, אָט אַזוי זאָל־סטי שרייבן... און אויף דיר וועט קיינער נישע זאָגן, אַז די האָסט נישט קיין רעכט דערצי, ווייל די ביסט אויך אַ פרוי און פיהלסט אויך די ווייטיק פין דער מיטער רחל... אַז די ווערסט אַזוי שרייבן, וועט די גאַס אויפשטעלן מויל און אויערן... אָט ווי אַזוי מען דאַרף זיך אָנעמען פאַר כלל ישראל, פאַר די יידי־שע קינדערלעך, נעבעך, וואָס זענען פערטריבן געוואָרן אין גלות... די העערסט, וואָרן די גרעסטע שיץ דאַרפן יידעלעך פיהלן אין אינזער צייטונג... נאָר מיר צעקלאַפּן זיך דעם גאַנצן שטערן פאַר זיי... אויסער אינזער צייטונג. איז נישטאָ און עס וועט נישט זיין ווער עס זאָל זיי בעשיצן... אינזער צייטונג דאַרף טאָג מיט נאַכט זעען צי חאָרווען פאַר יידעלעכס וועגן... דאַדאָרך שרייב זשע אַזוי...

ווייבעלע:

— יאָ, יאָ...

רעדאַקטאָר גיט איר אַ קניפּ אין בעקל. דאָס ווייבעלע דרייט זיך אַרויס:

— האָט־זשע מיר אַ גיטן טאָג.

— אַ גיט יאָר, גיי מיר געזינטערהייט.

רעדאַקטאָר, דערזעהט זיך אַליין, צים טיש פין הער אין די ברילן:

— ני, ס׳איז נישטאָ קיינער.

דער הער, איבערדרייענדיק די האַנט־פלאַך:

— מאַ, מסתמה...

עס עפנט זיך די טיר, עס קימט אַריין דער ייד מיט דער באָרד, טראָגט עטליכע לאַנגע פּאַפּיר־לאָקשלעך פערשריבענע, זיי ציטערן נאָך, ווי פריש געשאָכטענע, ער טראָגט זיי מיט די פינגער ביי די אויבערשטע שפּיצן.

רעדאַקטאָר:

— שוין אָנגעשריבן דאָס אַרטיקעלע?

— יאָ.

— איצטער שרייבט נאָך אָן אויף שבת...

— כ׳וועל אָנשרייבן.

— וועגן בעל שם...

— יאָ (פערקנייטשט שטאַרק דאָס פנים). אַי, כ׳האָב געוואָלט שרייבן וועגן ר׳ נחמן בראַצלאַווער...

רעדאַקטאָר:

— צי וואָס, וואָס דאַרפט איר עס נייטיק אין טאָפּ אַריין...

דער ייד קראַצט זיך אינטער דער באָרד, דער רעדאַקטאָר קראַצט זיך דעסגלייכן אינטערן אויער.

# קאַפּיטל פינף

ס׳איז נאָך מיטאָג, צווישן 5—6. דער רעדאַקטאָר און דער סעקרעטעער, אָדער וויצע-רעדאַקטאָר, זיצן אין דער זעלבער רע-דאַקציע־שטיב.

סעקרעטעער:

— איר האָט היינט גאָר שטאַרק אַריינגעאַרבעט אין צי-נויפנעמען מאַטעריאַלן. ווי וועט דאָס קענען אַריין ?.. איך האָב שוין ציפיל, איבערפליס (הייבט אויף אַ פּאַק בריעף-פּאַפּירן, איינ-געקלעמט ביי די שפּיצן אין אַ קלאַמערקע, אין דער פאָרם פין אַ הענטל) אָט, אַזאַ פּאַק בריעף פין חברות, אַקטועלס, אַלע בעהטן אויף מאָרגן.

רעדאַקטאָר עטי-פּייטי:

— ע, וואָס איז דאָרט ?..

סעקרעטעער:

— דאָס איז אַ חברה קאַפּעלוש-מאַכער. זיי האָבן אויס-געקליבן אַ נייעם קאָמיטעט...

רעדאַקטאָר עטי-פּייטי:

— ני, גיט.. וועלן לעהזן אַ פּאָר הינדערט פּעראינטערע-סירטע פין דער חברה אינזער צייטונג...

סעקרעטעער:

— און דאָס איז די חברה פידעלע מאַכער — אַדאָרכ־פיהרן אַ בעשטייערונג פין די מיטגלידער, פאַר די מיטגלידער, וואָס גייען אין די הייזער...

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— נישט גיט... קיינער וועט נישט לעהזן... וואָס עפּעס בעשטייערונג?..

סעקרעטעער:

— נישט דריקן?

רעדאַקטאָר:

— ניין. (סעקרעטעער לייגט אַוועק אָן אַ זייט דעם בריעף).

סעקרעטעער:

— און די... די גענזלער בעהטן די מיטגלידער אויף אַ פערזאַמלונג ציליעב זייער ניי געגרינדעטן קאָנסאָרציום, וואָס שטעלט זיך אָן אויפגאַבע ציצישטעלן פעטע, ביליקע גענז פאַרן היעגן מאַרק.

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— פאַרן היעגן עולם... גיט... דאָס וועט מען לעהזן... נאָר גיב צי דאָס וואָרט שוועהרע... דער עולם האָט ליעב שוועהרע געגז...

— און איצט האָב איך עפּעס אַ מעשה מיט שדים...

רעדאַקטאָר צעשמייכלט זיך:

— בינאָקעלע... (פערטראַכט)ניי, דאָס קען אָפּגעלייגט ווערן אויף מאָרגן...

סעקרעטעער:

— דערווייל קען די סענסאַציע די אַנדערע צייטונג ברענגען...

רעדאַקטאָר:

— ע, ס'זענען דאָך בינאָקעלעס שדים...

— און דאָ האָב איך אַ בריעף דערהאַלטן פין אַן אַמערי-
קאַנער גרויסן ראָמאַניסט פין וועג, אפּאטייטעס טאַנצנקלאַפּער,
אַז ער קימט היינט אַכט מיט דרייסיק צי פאָרן פין בערלין.

רעדאַקטאָר:

— אָט דאָ דאַרף מען אַ קבלת פּנים.

עס עפנט זיך די טיהר, אַ הער אין אַ צילענדער, שטעקט
פאָרזיכטיק אריין דעם קאָפּ, גליטשט זיך שטיליטשקערהייט אריין,
פערמאַכנדיק די טיהר נאָך זיך. נעמט אראָפּ דעם צילענדער,
לייגט אים אויף אַ שטיהל.

סעקרעטעער:

— וואָס האָט איר געוואָלט?

פרעמדער הער:

— אַ חוב בין איך שילדיג.

סעקרעטעער:

— ביי דער קאָסע פּילייכט?

פרעמדער הער:

— ניין. דעם רעדאַקטאָר.

רעדאַקטאָר עטי-פּייטי:

— ביטע, זיצט.

פרעמדער הער:

— דאַנק. (זיצט) וויפיל מאָל איך האָב מיך שוין געקליבן
צי'ן אייך...

רעדאַקטאָר עטי-פּייטי:

— ני, ני...

פרעמדער הער:

— נאָר היינט, נאָך אייער היינטיקן ארטיקעלע וועגן די
סעפּציעס אין מיין קימפּעטאָרין-אַנשטאַלט, מיז איך מיר שוין קויפן

אַ שטיקעלע ערלויבעניש אויף טויטן...

רעדאַקטאָר:

— וויפיל טויטן טרעפן ביי אייך אַ יאָר?

פרעמדער הער:

— ביז היינט, כמעט גאָרנישט... נאָר אינגאַנצן גאָרנישט טויג דאָך אויך נישט... ווייל איך אָפּזאָגן דעם אָנגעשטעלטן דאָקטאָר און, דאָס געלט, בעסער, אויסגעהבן ביי דער רעדאַקציע אויף אַן ערלויבעניש אויף טויטן...

רעדאַקטאָר:

— דאָס וועט אייך קאָסטן פירהינדערט זלאָטעס אַ חודש אַנאָנסן...

פרעמדער הער:

— איך דאַרף נישט אַזויפיל...

רעדאַקטאָר:

— אויף וויפיל טויטן ווילט איר?

פרעמדער הער:

— נישט מער, ווי צוועלף אַ יאָר.

רעדאַקטאָר:

— דאָס איז אַביסעלע צו ווייניק... מיר פערקויפן די אַנדערע קימפּעטאָרינס-נשמאַלטן, צו 36 אַ יאָר, צו 24, צו 18.

פרעמדער הער:

— איך וויל נאָר פערטע קאַטעגאָריע...

רעדאַדטאָר עטי-פייטי:

— איר וועט אַזוי גיט זיין זיך ווענדן דאָרט אין דער צווייטער שטיב, צו דעם אַנאָנסן-אַגענט...

פרעמדער הער:

— מיט אים וועל איך שוין דאָרכקימען?

רעדאַקטאָר עמי-פּייטי:

— וואַרשיינליך... יאָ.

פּרעמדער הער:

— דאַנק... (שטייט אויף. אָפּ).

רעדאַקטאָר:

— וואָס זשע דאַרף מען טיען? (קראַצנדיק זיך אינטערן אויער) אַרויספאָרן צים באַהן-הויף, אַ קבלת פּנים פּין עטליכע רעדאַקציע מיטגלידער.

סעקרעטעער:

— איך מיין אויך אַזוי...

— אַ, די זאָגסט אויך... די צייטונג וועט אַביסעלע בפּ-לעהבט ווערן?..

סעקרעטעער:

יאָ...

רעדאַקטאָר:

— עסט דיך פּערשטענדיקן מיט עטליכע חברות, אַז זיי זאָלן מאָרגן שיקן דעלעגאַציעס?..

סעקרעטעער:

— יאָ, פּאַרוואָס דאָס נישט...

רעדאַקטאָר:

— ני, שוין, גיט..

מען קלאַפּט אָן, עס קימט אַריין דער זעלבער פּרעמדער הער, איצט שוין מיט זיין ווייב, אין אַ זיידענעם שאַל, היט אויפן קאָפּ, געפיהרט פּין אים אינטערן אָרעם.

פּרעמדער הער, מיטן צילענדער אין דער האַנט:

— אָט דאָס, הער רעדאַקטאָר, איז מיין פרוי.

רעדאַקטאָר:

— זעער אָנגענעם.

פרעמדער הער:

— איצטער וויל איך אייך בעהטן, צייליעב דעם אַרטיקעלע איבער מיין אַנשטאַלט, געהבן אַ קליין הכחשהלע. אַז: „צייליעב אַ פערדריסליכן טעות״... אָט אַזוי, אַזוי ווי די אַלע „פערדריסליכע טעותים,״ וואָס פאַלן אַריין אין אייער צייטונג... און אַזוי ווייטער... וואָרן מיין ווייב וויל מיר נישט גלייבן, אַז עס ווערט שוין זיין דערליידיקט...

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— יאָ, יאָ...

פרעמדער הער, צים ווייב:

— העערסטי? גלייבסטי שוין?.. (צים רעדאַקטאָר) איצטער: די טויטעלעך, וואָס כ׳האב געקויפט ביי אייך, דאַרפן האָבן אַ דאָקטאָרל, גלאַט אַזוי לפנים... צי האָט איר נישט אַזאַ מענטשעלע?.. וואָרן יענעם זאָג איך אָפּ...

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— אפשר, בינאָקעלע...

פרעמדער הער:

— זאָל זיין... אַבי די קימפעטאָרינס זאָלן זעען, אַז ס׳איז דאָ... זיך נאָר ווייזן, בלויז, אין דער סאַליע, אויף אַ מינוט, צוויי...

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— אָבער זעהט אייך מיט אים פריער...

פרעמדער הער:

— גיט... (פערנייגט זיך מיט דער פרוי) אַ גיטע נאַכט. (ביידע אָפּ געאַרעמט).

סעקרעטעער:

— וויפיל אַ שטייגער וואָלטן מים געקענט שפענדן אויף פּאַראַד לכבוד דעם ראָמאַניסט טאַצנקלאַפער?

רעדאַקטאָר:

— וואָס עפּעס טאַצנקלאַפּער, טאַצנקלאַפּער... ווי עפּ־פינדט איר דאָס?

סעקרעטעער:

— ני, ער מיז דאָך נישט הייסן אַזוי...

רעדאַקטאָר:

— מיר קענען דעם ראָמאַניסט אפּאטייטעס איינאָרדענען אַ באַנקעט...

סעקרעטעער:

— איך מיין אויך... און דער שטייפער דיכטער, וואָס איז דאָ היינט געווען, איז נישט קיין אַטראַקציע פאַר אינז... אָט דעם ראָמאַניסט צי בעוועגן, אַז ער זאָל בעזיכן די אביו־נישקייט...

רעדאַקטאָר:

— געוויס, געוויס.

אַ קלאַפּ אין די טיהר. עס קימט אַריין אַ הער אין בי־באָקלען. נעמט אַראָפּ דעם היט, פערנייגט זיך.

דער הער:

— שטעער איך נישט?.

רעדאַקטאָר עטי־פּייטי:

— אָ, הער דירעקטאָר (שטייט אויף, בעגריסן זיך מיט די הענט) זיצט...

דירעקטאָר, גיט די האַנט אויך דעם סעקרעטעער, זעצט זיך:

— פערשטייט איר מיך, אַז פערבייפאָרנדיק, האָב איך גע־הייסן שטייען דעם אויטאָ, — ווי טרעהט מען נישט אָפּ זעען, וואָס דער אַלטיטשקער מאַכט...

רעדאַקטאָר עטי־פּייטי:

— אָ, יאָ... יאָ, יאָ... וואָס זשע מאַכט איר?

דירעקטאָר:

— טעאַטער...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ניי, איז וואָס זשע?.. האָט איר עפּעס געוואָלט?..

דירעקטאָר:

— עפּעס אַ שטיקעלע געשעפטעלע... זעען דעם רעצענזענט... דעם כראָניקער... עפּעט ווילן זיי, אַז זייערע ווייבער זאָלן שפּילן טעאַטער מיט מיין פּערזאָנאַל...

רעדאַקטאָר עטי-פּייטי:

— ניי?..

דירעקטאָר

— כ'האָב עפּעס שטיקעלעך ראָלעלעך פאַר זיי... דעם רעצענזענטס ווייב וויל אַ ראָלע מיט טאַנצן... זי האָט אַפילו אַ ביסעלע ציי דיקליכע פיסלעך... וואָס הייסט פיסלעך... טאַקי „פיסלעך"... נאָר וועהמען קען דאָס שאַדטן, ווי באַלד די פיסלעך זענען נישט אַזוי... מילא, זיי זענען פערקראָכן אויך מיט האָר... אָבער דערצי איז דאָ אָן עצה, זי ווייזט זיי נישט בלויז... כאָטש אַ פיס דאַרף זיין באַקעט... און ווייטער, וואָס ער איז נישט דין... וועהמען שאַדט דאָס? ס'איז אָבער ערגער, וואָס די פיגור איז עפּעס אַזוי... פערשטייט איר מיך... נאָר ס'שאַדט נישט... דעם כראָניקערס ווייב איז אויך גאַנץ גיט, נישט פראָפּאָרציאָנעל אַפילו... נאָר ס'שאַדט נישט... הכלל, פיהרט מיך מיט זיי ציזאַמען... זיי מאַכן דאָך מיט מיר אַ שטרייק... זיי ווילן דאָך נישט דערמאָנען מיין טעאַטער, נישט צים גיטן, נישט צים שלעכטן... גאָרנישט, געשטאָרבן...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אָ, וואַ...

דירעקטאָר:

— יאָ... געשטאָרבן!.. זאָג איך צי זיי: קינדערלעך, קיין שלעכטס ווילט איר דאָך מיר נישט טיען, איר ווילט נאָר בלויז, אַז אייערע ווייבער זאָלן שפּילן יידיש טעאַטער... טאָ, לאָמיר אינטערהאַנדלען...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, צים סעקרעטעער:

— גייט, ריפט זיי אַריין. (סעקרעטעער אָפּ).

דירעקטאָר:

— איך האָב דען געלעהבט ווען מיט זיי שלעכט?.. צווישן אינז געשמיעסט: וואָס בין איך אַזאַ רעאַקציאָנער... איך וויל אַליין איינשלינגען די יידישע קולטור. זאָלן נאָך אַנדערע לעהבן...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אָט, קימען זיי שוין...

עס קימען אַריין דער סעקרעטעער מיטן כראָניקער.

כראָניקער:

— אַ, קום מען זעהט אַ מענטש... (בעגריעסט דעם די־רעקטאָר קאָרץ) קימט אַריין דאָרט אַהין...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— יאָ, יאָ... (בעגלייט זייביידע פין דער טיהר אַרויס). איר וועט דאָך נאָך דאָ אָפּטרעהטן?

דירעקטאָר:

— מסתּמא... (דירעקטאָר און כראָניקער אָפּ).

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, צים סעקרעטעער:

— גייט, שטעלט צינויף עטליכע שענערע רעדאַקציע־מיט־גלידער, ווי עס פּאַסט פּאַרן כּבוד פין יידישער קולטור, אויף צי בעגעגענען דעם גרויסן שרייבער און דעם זעער חשובן גאַסט, דעם בעליעבטן און שטאַרק פּאָפּולערן ראָמאַניסט, ה׳ אפּאַטייטעס פין אַמעריקע.

אַ קלאַפּ אין טיהר. עס קומט אַריין דער דעפּעשן־טרעגער:

— טעלעגראַמע! (דערלאַנגט זי דעם רעדאַקטאָר. סעקרע־טעער שרייבט אינטער דאָס דערהאַלטן).

רעדאַקטאָר עפנט, ליינט:

— „אויף דער זייט גרעניץ, אַכט אָוונט אין אָרט... אפּאַ־טייטעס". (דעפּעשן־טרעגער אָפּ).

רעדאַקטאָר:

— יאָ, מ'ע' זאָל אים בעגעגענען... ער פערשטייט...

סעקרעטעער:

— איך גיי צינויפשטעלן (אָפּ).

רעדאַקטאָר בלייבט אַליין מיט דער טעלעגראַמע אין דער האַנט. צי זיך פערטראַכט:

— 'עט בינאָקעלע זיין אויפן פּלאַץ, צי נעמען דעם ערשטן אינטערוויו... דער עיקר וועגן גיטע בשורות, וואָס ער ברענגט פאַר יידן?.. (נעמט אַרויס דעם זייגער, קוקט ווי שפּעהט).

---

רבקהלע פיינגאָלד, פאַרן שפּיגל אין דער עם־שמיב:

— ס'איז אַביסעלע אימעדיקליך נאָך דער בעל ביתטעס אַרויספאָרן! נאָר דערפאַר בין איך אַליין בעל ביתטע... (קוקט זיך אַרום איבער רי שטיב) אָט, דאָ וועל איך אים זעצן, אָדער דאָ וועל איך אים זעצן, אָדער דאָ... און ווי כ'וועל נאָר וועלן. זאָל „ער" נאָר קומען... (גייט צו צום שפּיגל, צים אייגענעם שפּיגל־געשטאַלט) און די זאָלסט נישט אויסזאָגן פאַר דער בעל־

ביתטע ווער ס׳איז דאָ געווען... און העער: די ביסט דאָך עפּעס די קליגערע רבקהלע, נישט די נארישע... זאָלסטי מיר געהבן אַ ווינק, אַטאָמער וועל איך עפּעס ווען טיען מיטן ייִנג אַזוינס, וואָס מען דאַרף נישט... ניין!.. — זאָלסטי געהבן אַ שאָקל מיטן קאָפּ...

# קאפיטל זעקס

ביינאַכט. רבקהלע פייגאָלד און מיסטער בינאָקל ביי שאול דאַפּאָלאָוויטשן אין די ליידיקע שטיבן. עס איז געבעט רבקה-לע פיינגאָלדס בעלעגער, הײנט נישט אין קיך הינטערן שפּאַ-נישן ווענטל, נאָר אין דער עס-שטיב, אויף דער ברייטער קאַ-נאַפּע.

דער גאַז ברענט ליכטיק איבערן טיש, אויפן טיש שטייען נאָך רעשטלעך פון עסנוואַרג, פון שפּראָטן, סערדין און גע-ווענזלט פלייש; אַ ליידיק פלעשל פון ליקער, האַלבע, נישט דערטרינקענע גלעזער טיי, אַ קליינער סיפאָן וואַסער, פּאַפּיראָסן, צעשניטענע איבערגעלאָזטע עפּל און שאָלן פון פּאָמיראַנצן. דאָס אַלץ ליגט אין אומאָרדענונג אויף טעלערס.

מיסטער בינאָקל זיצט אויף אַ שטיהל ביים אָפענעם פענ-סטער, האַלט פערלייגט אַ פיס אויף אַ פיס, און בלאָזט רויך פון אַ פּאַפּיראָס, ברייטלין, איבערן קאָפּ.

רבקהלע פיינגאָלד זיצט אין עק פון דער קאַנאַפּע. ווי דאָס געלעגער איז. מען זעהט, אַז זי וויל זיך אויסטיען די שיך, נאָר זי איז פויל און מיעד דעם פיס אויפצוהייבן, און דעם קאָפּ האַלט זי ווי פערשלאָפן, די אייגלעך מאַכן זיך צו, און זי קיקט דאָרך שפּעלטלעך ברעהמען אויף מיסטער בי-נאָקלען.

רבקהלע צו בינאָקלען:

— איר ווילט, זיצט נאָך, איך בין פויל ערשט ציציגייען,

אַפילו דעם גאַז אויסלעשן, דער ליקער האָט מיך געמאַכט אַביסל שכּורליך און דער קאָפּ פּאַלט מיר אַנידער...

מיסטער בינאָקל:

— איר קענט שלאָפן, שטערט אייך נישט. איך בין אויך שכּורליך און איך וויל נאָך זיצן ביים פענסטער. פערלעשן אייך דעם גאַז, איר ווילט זיך דאָך אויסטיען?

רבקהלע פיינגאָלד:

— יאָ.

מיסטער בינאָקל, ווען ער שטייט אויף, דערלאַנגט פון אָרט, ווי ער שטייט, מיט דער האַנט צים גאַז און עס ציהט זיך אים אַרויף ציזאַמען מיט דער האַנט דער פראַק איבערן קראַגן, זעהט מען, ווי פון הינטן, אינטערן פראַק, הענגט אפּעער אַ טאָרבעלע, וואָס שוועהרט אים אַראָפּ און בימבלט זיך, פינקט ווי דאָרטן וואָלטן געלעגן דראָבנע שטיינדלעך. ער פערלעשט דעם גאַז, זעצט זיך צריק אויף זיין אָרט, ווי דער קאָפּ זיינער זעהט זיך דאָרך דער שאַרער נאַכט אין אָפענעם פענסטער.

מיסטער בינאָקל:

— רבקהלע, איר שלאָפט שוין?

— יאָ, כ׳האָב מיך שוין געלייגט.

עס טיהט אַ קלאַפּ אַ שטיינדעלע אויף דער וואַנט.

רבקהלע:

— אוי, וואָס איז דאָס?

מיסטער בינאָקל:

— דאָס איז גאָרנישט... פון דער היץ קיהלט זיך אָפּ דאָס גאַז-גלעזל און, ווען עס ציהט זיך איין, גיט עס אַזאַ פּלאַץ...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַזוי?

— יאָ...

רבקהלע פײנגאָלד:

— דערפֿין טאַקי פּלאַצט טײלמאָל אַ גלאָז פֿין טײ אויך נאָכן פֿליצלינגען אויסגיעסן דאָס הײסע דערפֿין?

מיסטער בינאָקל:

— יאָ, יאָ...

עס גיט נאָכאַמאָל אַ קלאַפּ אַ שטײנדל אין דער וואַנט.

רבקהלע:

— אוי, וואָס איז דאָס?

מיסטער בינאָקל:

— ס'איז ווידער דאָס אײגענע...

און באַלד גיט נאָכאַמאָל אַ קלאַפּ אַ שטײנדל אויף דער וואַנט, שוין מיט בעדײטנד קויקלענדיקע נאָכקלעפּלעך איבער דער פּאָדלאָגע.

רבקהלע:

— אָט דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש...

מיסטער בינאָקל:

— יאָ, האָסט געהערט?...

— וואָס איז דאָס?

מיסטער בינאָקל:

— ווײזט אויס, אַז אין דעם הינענדיקן הויז „סטראַשעט" טאַקי... צי איז דאָס טאַקי אמת?

רבקהלע:

— איך ווײס נישט. איך האָב עס קײנמאָל נישט גע- העערט, און אין די הינענדיקע שטיבן, ווען איך לײג מיך שלאָפֿן, האָט מיך נאָך קײן זאַך נישט געטראָפֿן.

מיסטער בינאָקל:

— מילא, איז עס גאָרנישט, אויב די ביסט אַזוי זיכער.

עס דערהערט זיך נאָכאַמאָל אַזאַ קלאַפּ פון אַ שטיינ-
דעלע, נאָר שוין אַ דינערער, קוים, קוים... (קליינע פּויזע).

רבקהלע:

— איר ווילט נאָך גייען אהיים די נאַכט?

מיסטער בינאָקל:

— איך וואָלט געוואָלט, נאָר איך ווייס נישט...

רבקהלע פיינגאָלד, נאָך אַ ווײַלע שווייגן:

— זיצט בעסער דאָ הינען, דערציילט בעסער עפּעס וואָס...

— און איר ווילט דאָך שלאָפן.

— איך וועל שוין נישט קענען. און אַ טאָמער גייט איר-
אַוועק, וועל איך שוין גאָרנישט שלאָפן די נאַכט.

מיסטער בינאָקל:

— עס קימט מיר שוין פאָר, ווי די מעשה מיטן מיידל אין דאָרף...

רבקהלע:

— וואָס פאַר אַ מעשה?

מיסטער בינאָקל:

— איינמאָל איז דער פאָטער דער אַרענדאַר, מיט דעם
ווייב, אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין און איבערגעלאָזט אין
דער היים דאָס מיידל, די טאָכטער, מיטן בעלפער, וואָס האָט
געלערנט די קינדער דאַוונען, איז געגאַנגען דער בעלפער,
האָט זי אָנגעקליבן שטיינדלעך ביים טייכל: בייגאַכט, ווען דאָס
מיידל איז געשלאָפן, האָט ער געגעבן אַ וואָרף אַ שטיינדעלע
אויף איר געלעגער פון זיינעם אַראָפּ. האָט זי זיך אַזוי דאָרטגע-
ניעען מיט געדאַנקען וועגן שדים און שרעק, אַז זי האָט אויפ-
געוועקט דעם בעלפער, וואָס האָט זיך געמאַכט שלאָפן אין
צווייטן צימער, ער זאָל קימען צו איר אין בעט.

רבקהלע טראַכט אַביסל:

— ני, האָט זי זיך שוין נישט געשראָקן?

— אַודאי — אין צווייען...

רבקהלע, נאָכדענקענדיק:

— קים די אויך אַרויף צו מיר אויף דער קאַנאַפּע.

מיסטער בינאָקל:

— גיט. נאָר אויב עס וועט נישט העלפן, וועל איך נישט שילדיק זיין.

מיסטער בינאָקל טיהט זיך אויס אין דער פינסטער.

עס געדויערט ביי אַ צען מינוט.

רבקהלע פיינגאָלד:

— איך ווייס נישט, וואָס עס דריקט מיך אַזוי...

— וואָס דען האָסטי געוואָלט, אַז עס זאָל דיך נישט דריקן, אַז מען שלאָפט צוזאַמען?

רבקהלע פיינגאָלד:

— אָבער ליגסט דאָך אינגאַנצן אַרויפגעפּרעסט אויף מיר...

מיסטער בינאָקל:

— איר הערט, רבקהלע.

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס?...

— ביים אַרענדאַר, אין דער זעלבער שטוב, איז געווען אַ דיענסט, האָט דער פּאָטער, ווייל ער איז געווען אַ פּאַכטער, ציגענימען, איינמאָל אַ נייעם יינג צים שלאָגן די פּיטער, אָפּ-ציהייבן מילך און דריקן קעהז — האָט די דיענסט געפּרעגט דעם יינג: ווי הייסטי? האָט ער געזאָגט: הירזש...

איינמאָל, ביינאַכט, נאָך אַ וועטשערע פון הירזש מיט מילך, מיט וועלכער מען האָט זיך אָנגעגעסן שוועהר, ווי אין אַ דאָרף, שרייט די מויד פון געלעגער אַראָפּ, אַז הירזש דישעט זי אויפן האַרץ און טיהט איר ווי אין בויך... האָט דער בעל בית נישט געוויסט, אַז דער יינג האָט איר געזאָגט, אַז ער הייסט הירזש,

אַז ער ליגט מיט איר איצט אויפן געלעגער, האָט ער זיך גע-
ווינדערט, וואָס די מויד ווייסט נישט, אַז מען עסט זיך אָן פּיל,
דריקט אויפן האַרץ און עס טיהט ווייי אין בויך. און, די מויד,
ווידער, האָט אויך נישט געוויסט, אַז מען ליגט מיט אַ יינג
מיז אַזוי זיין, מיז ער פּרעסן אויפן האַרץ און, עס מיז וויי-
טיען אינעווייניק. ערשט צימאָרגנס, ווען זי האָט זיך צעשמיעסט
מיט דער בעל ביתטע וועגן דעם, האָט איר יענע געזאָגט, אַז
אַזוי דאַרף עס זיין... און די, רבקהלע, ווייסט אויך נישט, אַז
ווען מיר ליגן צוויי ציזאַמען, מיז איך ליגן אַרויפגעפּרעסט
אויף דיר און עס מיז דיר אַביסל וויי טיען אינעווייניק. נישט
קיין סך, נאָר אַ קליין ביסעלע מיז...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני שוין... ס'איז גיט טאַקי אַזוי...

— אָבער זעהסטי, אַז ס'איז גיט אַזוי...

— יאָ...

עס גייען איבער נאָך אַ צעען מיניט אין שווייגן. פּליצ-
לינג גיבן זיך אַ צעשיט איבער דער פּאָדלאָגע קוילענדיקע
קלעפּ פין אַ סך שטיינדלעך.

רבקהלע דערשראָקן:

— שוין ווידער.

מיסטער בינאָקל:

— די זעהסט דאָך. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז אויב
עס וועט נישט העלפן, וועל איך נישט שילדיק זיין...

עס פערגייט אַ ווייַלע אין שווייגן.

רבקהלע:

— זאָל איך נישט ריפן קיינעם צי הילף אויך?

מיסטער בינאָקל:

— ניין. וואָס וועט דאָס אינז העלפן. מען מיז שוין די-

נאַכט אַזוי איבערקימען...
עס הערט זיך פון דער ווייט אַ ליעד:

„מיין ליעבע בייט
אַלץ איר געשטאַלט,
פערכשופט ליגט
די וועלט ווי'ן וואַלד"...

די וועלט אין די אָרמס
ליגט פון דער נאַכט,
זי ליגט ווי אַ מיידל,
פון קיינעם בעוואַכט...

ראַפּאַלאָוויטשעס עס-שטיב. אָוונט. דער גאַז ברענט.

מיסטער בינאָקל:
— וואָס הערט זיך, רבקהלע?
רבקהלע:
— עס „סטראַשעט", נישט געדאַכט זאָל עס זיין...
מיסטער בינאָקל:
— וואָס... די נאַכט ווידער?
רבקהלע:
— שטאַרק...
מיסטער בינאָקל:

— כ׳האָב געוויסט, אַז נאָכדעם ווי דיין בעל ביתטע האָט „ער״ שוין אַרויסגעפיהרט קיין אַפריקא, וועט ער הוץ מיט איר דאָרט, אויך אָנהייבן צו פערפיהרן מיט דיר דאָ...

רבקהלע:

— פאַרוואָס עפּעס אויך מיט מיר דאָ?..

מיסטער בינאָקל:

— ווייל איצט איז עס אים גרינגער... ער האָט דאָך נישט בעקענט דער בעל ביתטע דיינער אין די אויגן, צו ווייזן איר, אַז ער פערהאַסט זי... אַזוי, איצטער, ביסטו דאָ און — זי דאָרט, טרעהט ער אָפּ צו דיר מיט ווידזיטן...

רבקהלע:

— ביסטו זיכער אין דעם, אַז אַזוי איז עס?

מיסטער בינאָקל:

— אַזוי ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַזוי ווי טאָג איז נישט נאַכט און, אַזוי ווי נאַכט — נישט טאָג...

רבקהלע:

— טאָ וואָס זשע טיהט מען?

מיסטער בינאָקל:

— גאָרנישט. — אַ מכשף וואָס קענסטו טיען?

רבקלהלע:

— איז דאָך נישט גיט.

מיסטער בינאָקל:

— אודאי נישט גיט.

רבקהלע פיינגאָלד:

— איך האָב באַלט געזעען, ווי אַלץ גייט עפּעס צו אזוי, נישט ווי איך האָב געמיינט...

מיסטער בינאָקל:

— וואָס, ווי אַזוי?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— גאָרנישט אויפן גלייכן וועג...

מיסטער בינאָקל:

— דערציילט זשע מיר...

רבקהלע:

— צו אַלעם ערשטען איז געווען אַלץ ווי געהעריק, אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין...

מיסטער בינאָקל:

— צום ביישפּיל?

רבקהלע פיינגאָלד:

— מיר האָבן געגעסען וועטשערע ציזאַמען. דערנאָך האָט ער זיך געזעצט ביים אָפענעם פענסטער און איך בין שוין געלעגען אויפן געלעגער...

מיסטער בינאָקל:

— ני שאַדט דאָך טאַקי גאָרנישט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— דערנאָך האָט אָבער אָנגעהויבן צו וואַרפן מיט שטיינדלעך, דאָ איין שטיינדל, דאָ נאָך איינס און, דאָ נאָך איינס — ביז איך האָב אָנגעהויבן מורא צו קריגען.

מיסטער בינאָקל:

— אָט דאָס, זעהסטו, טויג שוין נישט... כ'האָב דאָך דיר באַלט געזאָגט, אַז ס'איז הינען דאָ אַ מכשף, אַז ער קומט יעדע נאָך האַלבע נאַכט צו דיין בעל ביתטע און הייגט — שוין אויך צו דיר... געוויס, אַז ער האָט זי שוין אַוועקגענומען פון דאַנען...

רבקהלע פייגנגאָלד:

— עס האָט אָנגעהויבן שרעקליך צי „סטראַשען”...

מיסטער בינאָקל:

— וואָס-זשע האָסטי געטיען?

רבקהלע פיינגאָלד:

— כ׳האָב אים געהייסן ציריקן זיך צי מיין געלעגער...

מיסטער בינאָקל:

— ני, האָט אויפגעהערט?...

רבקהלע:

— צי סטראַשן? ניין...

מיסטער בינאָקל:

— ני, וואָס האָסטי ווייטער געטיען?

רבקהלע:

— איך האָב אים געהייסן זיך אויסטיען און לייגן זיך אויפן זעלבן געלעגער, וואָס איך...

מיסטער בינאָקל:

— זעהסטי, דאָס האָט שוין גאָרנישט געטויגט... (קליינע פויזע) האָט ער דיך נישט פערגוואַלדיקט?...

רבקהלע:

— ניין. ער האָט מיך נאָר אַביסעלע ציגעטילעט... אַביסעלע זיך אַרויפגעלייגט אויף מיר... און אַ ביסעלע האָט מיר ווייי געטיען אין בויך....

מיסטער בינאָקל:

— האָסטי געשוויגן?

רבקהלע:

— כ׳האָב געוואָלט נישט שווייגן, האָט ער מיר אָבער דערציילט אַ מעשה פין אַ דיענסטמויד, וואָס האָט ביינאַכט גע-

שריגן צים בעל-בית, אַז הירז דישעט זי, האָט איר די בעל-ביתטע אויף צימאָרגנס דערקלעהרט, אַז מען דאַרף נישט שרייען, אַז אַזוי דאַרף זיין... האָב איך שוין אויך גע-שוויגן...

מיסטער בינאָקל, פּאַטשט צינויףביידע הענט:

— און שוין!..

רבקהלע:

— וואָס, שוין?..

מיסטער בינאָקל:

— און איצטער ביסטי שוין פּאַרטיק...

רבקהלע:

— ני, וואָס זשע זאָל איך טיען?

מיסטער בינאָקל:

— איין עצה איז דאָ,— אים אויפצידעקן... און די קענסט מיר ציהעלפן אין דעם.

רבקהלע:

— ווי אַזוי?

מיסטער בינאָקל:

— ער וועט מורא האָבן, אַז די בעל-ביתטע זאָל נישט דערגייען, וואָס ער האָט געטיען קייגן איר... וועט ער צריק ענטרינען...

רבקהלע:

— ני! ווי אַזוי זשע?

מיסטער בינאָקל:

— דאַרפסט דיך גיט איינקיקן אין זיין פּנים, זעען גיט ווי ער זעהט אויס און זאָגן אים, אַז די ווייסט שוין, ווער ער איז...

רבקהלע:

— ני וואָס זשע וועט זיין?

מיסטער בינאָקל:

— און אַז די וועסט עס דערציילן פֿאַר דיין בעל־הביתטע...

רבקהלע:

— זאָל איך אים דאָס אויך זאָגן?

מיסטער בינאָקל:

— יאָ, וועט ער אַנטלויפֿן, ווי דער פֿעפֿער וואַקסט...

רבקהלע:

— און אַז איך ווייס שוין איצט ווי ער זעהט אויס?..

מיסטער בינאָקל:

— ווי?

רבקהלע:

— אינגאַנצן, ווי די...

מיסטער בינאָקל:

— אוי, דאָ איז נישט גוט... בין איך אויך אָריינגעדרייט... און ער וועט אַלעמאָל קענען זאָגן, אַז איך בין דאָס...

רבקהלע:

— ווי אַזוי זשע קען ער אויסזעען פּינקט ווי די?..

מיסטער בינאָקל:

— ווי אַזוי זשע קען ער דעם בעל בית דיינעם אָנידערלייגן אַ קראַנקע צרה, אַ פּערביטעניע, אויף זעהר דאַטשע... און דאָס אמתע ווייב, די שיינהייט, ווי אַ—פּרינצעסין, צינעמען פֿאַר זיך קיין אַפֿריקע?..

רבקהלע פֿיינגאָלד:

— איז עס דאָך עפּעס שרעקלעך. קען ער פֿערשטעלן

און איבערבייטן מענטשן ?..

מיסטער בינאָקל:

— אי יענעם, אי זיך, ווען ער דאַרף... אַז נישט, וואָס וואָלט עס געווען פאַר אַ כשופמאַכער?

רבקהלע:

— אָבער אינגאַנצן ווי די... און געשעפּטשעט מיר אין אויער אַריין אַ גאַנצע נאַכט,פּינקט ווי די וואָלסט עס געווען... און אַזוי גרויס פּינקט ווי די... זאָלסט זאָגן — אַ האָרעלע קלענער, אָדער גרעסער... און בעגינען האָט ער מיר געזינגען אַ ליעד אינטערן פענסטער, שוין צים אַוועקגייען, מיט דיין קול...

מיסטער בינאָקל:

— געדענקסט נאָך עפּעס פין דעם ליעד?

רבקהלע:

— נישט... אַ גאַנצן טאָג האָב איך געדענקט, נאָר פאַר-נאַכט, נאָך זין-אינטערגייען, האָב איך פערגעסן. —

מיסטער בינאָקל:

— אָט דאָס איז דער בעסטער סימן פין כשוף, אויב עס ווערט פערגעסן נאָך דער זינס פערגייען...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, וואָס זשע איז דאָ איצטער צי טיען?

מיסטער בינאָקל:

— נעם אים אויף היינט אויפדערנאַכט נאָכאַמאָל, קיק דיך איין גיט אין זיין פנים, זאָג אים, די ווייסט, אַז ער איז פער-שטעלט — און ווער ער איז... און אַז די וועסט דערציילן פאַר דיין בעל ביתטע...

רבקהלע פיינגאָלד:

— גיט, איך וועל דיך פאָלגן... און ווי אַזוי זאָל איך

פאַר אים ציגרייטן דאָס אויפנעמען אים היינט?..

מיסטער בינאָקל:

— אַלץ פּינקט, ווי נעכטן, כדי ער זאָל גאָרנישט דער-קענען, איידער די זאָגסט אים נאָך עפּעס, אַז דאָ איז שוין אַ שונה געוואָרן... און אפשר איז מעגליך, אַז ער זאָל דיר גאָר אַליין אויסזאָגן... פּריוו נאָר מיט גיטן... און אַז די ווערסט וועלן ווערסטי קענען...

רבקהלע:

— גיט... זער גיט...

מיסטער בינאָקל:

— האָב זשע מיר אַ גיטע נאַכט און, טיה אַלץ, ווי עס געהער צי זיין, זאָלסט דיך גאָרנישט שרעקן פאַר אים, ווען ער וועט קימען.

רבקהלע:

— גיט... אַ גיטע נאַכט אַ גיט יאָר... (זי בעגלייט אים צי דער טיהר. מיסטער בינאָקל אָפּ)

ווען רבקהלע קימט צריק אין מיטן שטיב און בלייבט שטייען, העערט זיך אַ סערענאַדע פין אינטערן פענסטער.:

אָ, מיידל, אָ, מיידל,
פערדרייט ביסט אין מיר, —
ביסט שיין קליג און איידל,
נאָר ביז צי דער טיהר...
נאָר ביז צי דער טיהר!...

(לאַנגע פּויזע).

עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין די טיהר. רבקהלע גייט צי עפענען. מיסטער בינאָקל קימט אַריין מיט אַ מאַנאַקל אויפן ויג.

רבקהלע:

— ווער איז דאָס?

מיסטער בינאָקל:

— איך...

רבקהלע:

— ווער?

מיסטער בינאָקל:

— איך...

רבקהלע פיינגאָלד, נעמט אים אן ביי אַ האַנט, פיהרט אים צו אַ שטיהל פאַרן טיש,ביידע זיצן, זי ביי אים אויף דער שויס:

— וואָס איז די מעשה, וואָס די זינגסט ביים אוועקגייען און ביים קימען?...

מיסטער בינאָקל:

— ציליעב אינזער ראָמאַן, ציליעב דער פערליעבטקייט...

רבקהלע:

— אַזוי פיהרט זיך?

מיסטער בינאָקל:

— אַמאָל איז עס געווען נאָך שטאַרקער... מען האָט אַפילו אויך אַרויסגעגנבעט די געליעבטע דאָרכן פענסטער, נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעזיינגען די סערענאַדע דערינטער...

רבקהלע:

— אזוי, די ווילסט מיך שוין אַוועקפיהרן אין דיינע וועלדער?..

מיסטער בינאקל:

— אין וואָס פאַר אַ וועלדער?

רבקהלע:

— די האָסט דאָך וועלדער אין אַפריקע...

מיסטער בינאָקל:

— פאַר וועהמען נעמסטי מיך אָן?..

רבקהלע:

— פאַר דיך...

מיסטער בינאָקל:

— אַזוי איז גיט...

רבקהלע:

— און פאַר וועהמען, האָסטי געמיינט, נעם איך דיך אָן?..

מיסטער בינאָקל:

— איך ווייס? פאַר אַ פרויענהעגדלער... אַז איך פיהר אַוועק פרויען קיין אַפריקע אין די וועלדער, צו די שוואַרצע מענטשן...

רבקהלע פיינגאָלד, גיט אים אַ קיש, פערוואַרפט אירע הענט איבער זיין אַקסל:

— העער, מיין קינד, העער, מיין געליעבטער, וואָס איך וועל דיך בעהטן: איך וועל דיך בעשוועהרן אַז די זאָלסט מיר זאָגן, ווער די ביסט, צי ביסטו דער מכשף?..

מיסטער בינאָקל:

— איך?.. (וויל זי אַרימנעמען) קינד-לעב, וואָס האָסטי דיר איינגערעדט. (וויל איר געהבן אַ קיש).

רבקהלע פיינגאָלד, שפּריינגט געשווינד פון זיין שויס אַראָפּ:

— וועל איך מיר נישט לאָזן קיין קיש געהבן, ווי לאַנג די וועסט מיר נישט זאָגן...

מיסטער בינאָקל, נעמט אַראָפּ דעם מאָנאָקל, לייגט אים אין וועסטל-טאַש.

רבקהלע:

— אָט איצטער, זעהסטי, קען איך דיך שוין גאָרנישט, ווייס

איך שוין גאָרנישט, ווער די ביסט... ני, קען מען דען ליעבן איינעם, וועלכן מען קען נישט... מיסטער בינאָקל ביסטי נישט...

מיסטער בינאָקל:

— וואָס פאַר אַ מיסטער בינאָקל דאַרף איך דען זיין?

רבקהלע:

— אַ, זעהסטי שוין, אַז די ווייסט נישט אַפילו, ווער ער איז, ני, ביסטי דאָך דער מכשף... איך וועל אויסזאָגן מיין בעל ביתטע... (הייבט אן צי פאַטשן אין די הענט און אים אַקייגן צי רייצן) איך וועל אויסזאָגן מיין בעל ביתטע... איך וועל אויסזאָגן, אַז די קימסט צי מיר... (מיסטער בינאָקל, שטייט אויף, הייבט זי אן צי יאָגן אַרים טיש, זי — צי אַנטלויפן. אין מיטן דרייען זיך אַזוי אַ רעהדל אַרים טיש אינטער איר הילכדיק רייצן זיך און פרייליכקייט, שטרעקט ער די האַנט צים גאַז-קיי־טעלע, פערלעשט דאָס ליכט).

עס דערהערט זיך באַלד פין דרויסן, פין אינטערן פענ־סטער, אַ סערענאַדע, מיט דער מעלאָדיע פין „סיניאָראַ סיניאָ־רינאַ"...

אָ, דערצייל נישט, דערצייל נישט,
דערצייל נישט דיין בעל ביתטע,
ווייל זי איז מיין פרינצעסין,
וואָס כ'ליעב זי שטאַרקער פין דיר...

עס בייט זיך די שטימע, אַ פרוי זינגט:

טאָ וואָס קימסטי צי מיר,
איך וועל דערציילן פאַר איר...
איך וועל דערציילן פאַר איר,
און קים נישט מעער צי מיר...

מיסטער בינאָקעלען פערשטויסטי,
פערשטויסטי פין דיר,
ווייל ער ווייסט שוין פין מיר,
כ׳וועל נישט קריגן קיין שידוך פאַר מיר...

זיין קול:

אוי, האָב נישט קיין מורא,
די מיידל די שיינע,
די מיידל די שיינע,
אין דער וועלט די ביסט נאָר איינע...

אַ פרוען קול

איבער דיר כ׳וועל פערזיצן,
כ׳וועל קיין חתן נישט שאַפן,
כ׳וועל קיין חתן נישט קריגן,
ווייל כ׳האָב פאָר מיט מאַיאָרן און גראַפן...

# קאַפּיטל זיבן

ס׳איז פאַר האַלבן טאָג. אין רעדאַקציע שטייען בעלאָדן: אַ זשורנאַליסט אין בלאָע ברילן און אַ גרויס קאַנצעלאַריע-בוך אין דער האַנט; אַן אַמעריקאַנער אין טינקעלע, גרויסע רעדער-ברילן מיט אַ טעקע אין דער האַנט, דאָס איז דער שרייבער אַפּאַטייטעס; אַ פאָטאָגראַפיסט מיט אַ טראָג-אַפּאַראַט צים פאָ-טאָגראַפירן, אין דער האַנט; דער רעדאַקטאָר; דער סעקרעטער.

רעדאַקטאָר עטי-פייטי:

— ני, שוין, קינדערלעך!..

סעקרעטער:

— יאָ, ס׳איז אַלץ פאַרטיק.

שרייבער אַפּאַטייטעס צים רעדאַקטאָר:

— נאָך עפּעס אַ קלייניקייט. (גיט אַ ווינק אויף די איבעריקע) איך וועל אייך בעהטן...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— אפשר דערנאָך, האַ?..

— ניין... (דער סעקרעטער און די איבעריקע גייען צרויס פין דאַנען) פערשטייט איר מיך, קיין קאָנטראַקט האָב איך נישט.

רעדאַקטאָר עטי-פייטי:

— קאָנטראַקט?..

שרייבער אפּאטייטעס:

— יאָ.

רעדאַקטאָר עטי-פייטי:

— דערנאָך, קינד.

שרייבער אפּאטייטעס:

— ניין, פעטער...

רעדאַקטאָר קראַצט זיך אינטערן לינקן אויער:

— מילא, כ'על אינטערשרייבן...

שרייבער אפּאטייטעס נעמט אַרויס פון קעשענע שוין אַ פאַרטיקן קאָנטראַקט.

רעדאַקטאָר:

— ווען האָסטי אים אָנגעשריבן?

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— אָט באַלט אַזוי ווי איר האָט ציגעזאָגט, אַזוי האָב איך שוין געשריבן.

רעדאַקטאָר קראַצט זיך אינטערן אויער:

— נאָר כ'האָב דאָך אַ שותף...

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— גיט, זאָל ער טאַקע אויך אינטערשרייבן...

רעדאַקטאָר נעמט ביי אים דעם קאָנטראַקט, גייט מיט אים אין דער צווייטער שטיב.

שרייבער אַפּאָטייטעס שפּאַצירט אַביסל אויף און אָפּ, שטעלט זיך דערנאָך אָפּ ביים שרייב-טיש, ווי איינגהערנדיק זיך אין זיך אַליין.

רעדאַקטאָר קומט צריק, זעצט זיך ביים שרייב-טיש, נעמט די פעדער, שרייבט אינטער, ריקט דעם קאָנטראַקט אָפּ

אָן אַ זייט. שרייבער אַפּאָטייטעס בייגט זיך איבער, קיקט אויף די אינטערשריפטן פין אַ זייט.

— ני, איצטער וואָס?

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— זאָל אַביסעלע ליגן, זיך אָפּטריקענען...

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— אַ לעשער.

רעדאַקטאָר עטי־פעטי־פייטי:

— אָט, אָט, אָט. שרייבן מיר איצטער אָן די בעגריסונג פין אינזער קולטור־וועלט לכבוד אייער קימען.

— אפשר דערנאָך, שוין באָכמיטאָג?

— איר דאַרפט דאָך אָבער שוין גייען... ווילט איר אַזוי גייען?

— אָן קאָנטראַקט?

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני 'עמיר פריער אָנשרייבן די בעגריסונג לכבוד אייער קימען.

— ני, גיט...

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— זעצט אייך, זייט אַזוי גיט...

שרייבער אַפּאָטייטעס זעצט זיך, לאָזט אַראָפּ די טעקי אויף די פּאָדלאָגע אָנגעשפּאַרט אָן פיס פין דער שטיהל, פערלייגט אַ פיס אויף אַ פיס.

רעדאַקטאָר עטי־מייטי, וואַרפט אַרויס די פיס פאָרנט פאַרן שרייב טיש, נעמט די פעדער און אַזוי זייטיק, ווי ער זיצט, אין דער פּאָזע, נעמט ער שרייבן:

— לאָמיר זאָגן, אַז נעכטן אַכט אָוונט, איז מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל־צוג, וואָס גייט פין פּאַריז דאָרך בערלין,

דערנאָך הי, אָנגעקימען אויף דעם הויפּט וואָקזאַל...

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— יאָ.

— דער גרעסטער וואָרט-קינסטלער און ראָמאַניסט, דער יידישער שרייבער אַפּאָטייטעס.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— צי וואָס אַזוי, דער גרעסטער וואָרט-קינסטלער?

— ני, וואָס דען?

שרייבער אַפּאָטייטעס מיט ענוות:

— דער בעגאַבטער, אָדער טאַלאַנטפולער, אָדער ערשט פיל ציזאָגנדיקער יידישער ראָמאַניסט...

רעדאַקטאָר עטי-פעטי:

— העערסט, איי „יענקעלע”, אַמעריטשקאַלע... די ווילסט נישט מען זאָל דיך לויבן?...

— ס'איז גלייכער, מען דאַרף זיך איבערלאָזן אויף נאָכ-אַמאָל..

— אַמעריטשקאַלע, אַמעריקשקאַלע... טאָ לאָז זשע אויך נאָך אַ פּאָר פּונקטן פון קאָנטראַקט... ווי פאַרשטייסטו דאָס נישט?..

— אָבער בין איך דען דער גרעסטער?..

— האָסט שוין געהערט... איך האָב געמיינט, אַז ער וויל נישט שרייבן דער גרעסטער וואָרט-קינסטלער, צילייעב אַן אנדערן טעם, צילייעב דער צייטונג „קאָנגרעס-היט”, ס'הייסט „צילענדער”, וואָס האָט שוין איר ליטעראַרישן „גרעסטן” אַרויס-געשטעלט אינטער דעם נאָמען... האָב איך געמיינט, אַז איר ווילט נישט צילייעב דעם... אַז עס זאָל נישט דעם לעזער דער-מאָנען יענע צייטונג... אָבער בעזאָרגן זיך אויפן שפּעהטער?.. איר ווילט היינט נישט זיין גרויס, כדי איר זאָלט מאָרגן קאָנען זיין גרויס?.. אַמעריטשקאַלע, אַמעריטשקאַלע... און פאַרוואָס גיב איך

געלד — נישט פאר א „גרויסן״?.. איר מיזט עס דאך זיין... פאר מיינעטוועגן, פאר מיין צייטונגס וועגן...

שרייבער אפאטייטעס:

— איך דארף אבער זיין... אין סטאדיום פין נאכקימענדיקן נישט פין געוועזענעם, אדער אפילו שוין סטאבילן... וואס הייסט דער גרעסטער? און מארגן וואס?..

רעדאקטאר עטי פייטי—פעטי-מעטי:

— נארעלע, פעהלט וואס?.. מארגן דער „שטעהרן״... דער דער גאון... געניוס... ני, ווי בלייבט?..

— ניין, איך קען נישס...

רעדאקטאר עטי-פייטי:

— אט, אט, אט. כ׳מאכן א קליינע אויסבעסערונג... פאפולערסטער און צווישן אלע שיכטן פין אינזער פאלק אנערקענטער יידישער ראמאניסט... איז גיט?

שרייבער אפאטייטעס:

— מא...

רעדאקטאר עטי-פייטי:

— אויפן וואקזאל האבן אפגעווארט דאס אנקימען פין צוג די חשובסטע און די אנגעזעענסטע הערן פין דער יידישער קולטור-וועלט, ווי אויך פין דער נישט יידישער...

שרייבער אפאטייטעס:

— נא... ארויסגעקראכן אן א זייט...

רעדאקטאר עטי פייטי כאפט זיך צריק:

— ווי אויך... פין דער יידישער געזעלשאפטליכקייט...

שרייבער אפאטייטעס:

— מא...

רעדאקטאר עטי פייטי, מיט א ווייך פערענטפערנדיקייט:

— פארוואס אויך נישט „פין דער נישט יידישער״?.. ס׳איז

דאָך בעסער... איר פאַרשטייט... יידן פיהלן זייער אמתן ווערט, ווען אַ גוי שעצט אַ ייד... נאָר גאָרגישט... (פויזע)

— נאָך די בעגריסונגען, וואָס זענען פאָרגעקימען אויפן אָרט... איז דער גרויסער גאַסט געווען אַזוי ליעב, צי פער־שפרעכן אינזער רעדאַקציע אויף היינט אַ וויזיט... און אויך בעשאָנקען די כבוד אָפּגעבער, יעדן מיט עטליכע פריינדליכע ווערטער... אויך איז ער געווען אַזוי ליעב און איז ווירקליך היינט פינקטליך 1 בייטאָג ציגעפאָרן צי אינזער רעדאַקציע, ווי עס האָט אים שוין אָפּגעוואַרט אַ פיל קעפיקער עולם, וואָס האָט זיך בעצייטנס דערוויסט און בעלאַגערט אים פאַרן טויער. ווען ער איז אויסגעשטיגן פין אויטאָ און גלייך אַרויף אויף אינזערע שטיגן, האָבן היינטן געשטאָרמט די אויסגעשרייען און צפלאָדיסמענטן פין בעגייסטערטע הינדערטער יידן... מיר האָבן דעם חשובן גאַסט אַריינגעפירט אין לאָקאַל, ווי עס האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט אינזערע פראָמינענטע מיטאַרבעטער און באַלט איז זיך צעגאַנגען די נאַכריכט איבער דער גאַנצער שטאָט...

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— אוי געוואַלט, עס בלייבט נישט קיין קראָפּליע ליפּט...

רעדאַקטאָר עטי פייטי,—מעטי פעטי:

— וואָס אי?..

— וואָס וועל איך שוין טיען מאָרגן. ס'וועט דאָך מיר אויסקימען מאָרגן אויך צי לעהבן; מיט וועלכער סענסאַציע וועל איך שוין מאָרגן קענען קימען, ווען איר נעמט היינט ביי מיר צי אינגאַנצן...

רעדאַקטאָר עטי פייטי, מעטי פעטי:

— נאַרעלע, וואָס שאַדט עס דיר, מיר בעצאָלן חלילה נישט, מיר פערדיענען נישט כשר, אַז די זאָלסט ווערן גרויס?.

— אָבער ווי קען איך מיר היינט לאָזן אָנגייען אַלע

שליפעס... און וואָס וועל איך טראָגן מאָרגן?..

רעדאַקטאָר, מיט ווייכער צעגאַסנקייט און עטי פעטי:

— נאַרעלע, פעהלן אָרדערס? היינט איז „ווירטואַטורי” דער גרעסטער אָרדן און מאָרגן, אַז מען וועט דאַרפן, וועט מען אויסטראַכטן „אַפּיטי-פּיטי — וויטי-ווירי — כאַ — טאַ טאַטור”. אַלס נאָך אַ גרעסערן...

שרייבער אַפּאַטייטעס.

— מילא, וואָס זאָל איך טיען.

רעדאַקטאָר מעטי-פעטי:

— איז פאָלגט זשע מיך, לאָמיר צריקקעהרן צים סאַמע אָנהייב און ערלויבט אַנידערצישטעלן „דער גרעסטער”.. נאָר מחמת אין דער קאָנקורענץ צייטונג איז שוין דאָ „וואָרט-קינסט-לער”, וועלן מיר אייך ריפן „בעזיצער פין דער פעהדער”!..

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— זאָל זיין...

רעדאַקטאָר טוטי-טוטי:

— און ער האָפּט, אַז זיין גריס, וואָס ער וועט אַהיים-ברענגען פין דאַנען, וועט אין זיין היים געפינען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג... (אויפהייבנדיק אַ בליק) ריכטיק?

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— יאָ...

רעדאַקטאָר טיטי-פּיטי:

— און איצט, אַז איר וועט גייען ווי די רעדאַקציע שיקט אייך, צי דער אביונישקייט... איר פערשטייט... כע, כע, כע... איר פערשטייט... דאָ שמעקט... מיט הילך... שטיצע...

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— ני שוין! שוין!..

רעדאַקטאָר עטיס-פּעטיס:

— ני שוין... קוים אָפּגעאַרבעט אַ שטיקל אַרבעט. שרייבט אייך אינטער אינטערן בריעף און נעמט אייך דעם קאָנטראַקט.

שרייבער אַפּאָטייטעס שרייבט אינטער, און ביידע טוישן זיך מיטן בריעף און קאָנטראַקט.

רעדאַקטאָר מאַכט אויף די טיהר און לאָזט אַריין די פּרי-ערדיקע:

— ני, שוין... ערשט קענט איר שוין גייען (צי דעם מיטן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט) זאָלסט ברענגען אימפּאָזאַנטס... עפּעס אַזוינס...

(דער פאָטאָגראַפיסט. שרייבער אַפּאָטייטעס און דער זשור-נאַליסט שפּילן זיך צי, מאַכן גלייך די קראַגנס, פערלאָזן דאָס צימער.)

מיסטער בינאָקל קימט אַריין:

— גיט מאָרגן.

רעדאַקטאָר:

— אַ, בינאָקעלע, וואָס מאַכסטי?

מיסטער בינאָקל:

— גאָרנישט... די שדים אַרבעטן מעשים...

רעדאַקטאָר:

— יאָ, איך האָב שוין געהערט פין סעקרעטעער.

מיסטער בינאָקל:

— יענס איז גאָרנישט, פריש מאַטעריאַל... אָ, וואָס פאַר אַן אוצר...

רעדאַקטאָר:

— גיט, גיט. בינאָקעלע, (גיט אים אַ גלעט אויף דער באַק) גיי אַריין דאָרט, נעם טינט און פעדער.

מיסטער בינאָקל אָפּ.

דער צווייטער שותף, אַ בלאָנדער הער, קימט אַריין:

— וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגן, דער אָפּמאַך איז שוין אַ פאַקט. אָבער דאָס איז אַ נישט פאָרויסגעזעענע הוצאה.

רעדאַקטאָר פּיטי-פּייטי:

— יאָ, מען ווייסט דאָך, מיר וועלן זי דעקן...

שותף:

— די רעדאַקציע קאַסע?

רעדאַקטאָר:

— מען דאַרף זעען אַ הלוואהלע...

שותף:

— ווי?

רעדאַקטאָר:

— מילא...

שותף פאַרטראַכט זיך אַ ביסל, קריגט אפשיי, ריקט זיך צריק, דער רעדאַקטאָר אַליין בעגלייט אים פון דער טיהר אַרויס...

רעדאַקטאָר:

— מ'עט שוין זעען...

עס קימט אַריין דער סעקרעטעער.

רעדאַקטאָר:

— האָט בינאָקעלע ווידער עפּעס איבערציגעהבן?

סעקרעטעער:

— נישט מיר.

רעדאַקטאָר:

— וועהמען?

סעקרעטעער:

— גלייך אין דער שטאָט כראָניק „היעגע נייעס“.

רעדאַקטאָר:

— פאַרוואָס?

סעקרעטעער:

— ווייל דאָס נעכטיקע איז היינט נישט אַריין, וואָס איר האָט עס געהייסן אָפּלייגן, צוליעב איבערפליס פון אַנדערע מאַטעריאַלן. — ער וויל מיר שוין נישט געטרויען...

רעדאַקטאָר:

—גיי אַריין צו מיצן. זאָג אים, אַז עס גייט היינט נישט. זאָל ער עס אָפּלייגן..

סעקרעטעער:

— גיט (אָפּ).

רעדאַקטאָר דרייט זיך איבערן צימער. סעקרעטעער קומט צוריק מיט פאַרשריבענע פּאַפּירלעך.

רעדאַקטאָר:

— לייג עס אין קאָנווערט צום נעכטיקן.

סעקרעטעער, ריקט אויף דאָס שופלעדל פון שרייב-טיש, לייגט די פּאַפּירלעך אין איינעם פון די דאָרטיקע קאָנווערטן, פאַרמאַכט דאָס שופלאָד.

רעדאַקטאָר, זיך זעצנדיק ביים שרייב טיש, ריקט זיך אָפּ אין אַ זייט מיט דער שטיהל:

— זעץ דיך.

סעקרעטעער ריקט זיך צו אַן אַנדערע שטיהל צום שרייב טיש.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

„צום געערטן דירעקטאָר פון דער „דזשוינט" הויפּט באַנק".

סעקרעטעער פיהרט געשווינדט מיט דער פעהדער.

רעדאַקטאָר:

„געערטער הער! אַזוי ווי די אומשטענדן דערלויבן נישט,

אַז מיר זאָלן זיך קענען זעען, איבער פערשטענדליכע טעמים...
און די זאַך איז זעער פערטרויליך, צוליעב וואָס איך קען עס
אייך אויך נישט געהבן אין שריפט...

סעקרעטעער, צישאָקלענדיק מיטן קאָפּ:

— יאָ...

רעדאַקטאָר:

— צוליעב די און נאָך פערשטענדליכע טעמים... איז ראַט-
זאַם, געווינטשן, אַז איר זאָלט צישיקן אַ פערטרויליכן מאַן,
אייער סעקרעטעער, זיך דאָרכצישמועסן..

אייער פריינט,

רעדאַקטאָר ע ט י פּ י ט י".

— דאָס פערקלעהב, שיק אָפּ, נעם דעם בריעף צו זיך...

סעקרעטעער:

— גוט.

רעדאַקטאָר:

„צום געערטן פערוואַלטער פון „בית לחם", ה' קנאָבלזאָן"!
סעקרעטעער פיהרט געשווינדט מיט דער פעהדער.

„היות, ווי די רעדאַקציע ווינשט אייך צו זעען, צוליעב
געוויסע ענינים, וואָס זענען אייך נוגע, בעהטן מיר אייך,
אינז צו בעזוכן מאָרגן בשעה צוועלף אחר הצהרים.

רעדאַקציע „דער טאָפּ".

סעקרעטעער:

שוין.

רעדאַקטאָר:

— שוין... ערשט, קינדלעב, נאָך דרייסיק אַזעלכע שאַב-
לאָנען: איינעם דער „לינת הצדק", איינעם דער „חולי נופל",

איינעם דער „גמילת חסדים״, דער „מחזיקי יולדות״, דער „מחזיקי יתומים״, דער „הושעה אלמנות״ און אלע איבעריקע פין דעם כאראַקטער...

עס דערהערט זיך א לייכט אנקלאַפּן אין דער טיהר. ביידע שטעלן אויף די אויגן. עס קימט אריין דער ברייטער בערלינער דיכטער, מיטן שווארץ פערשווירענעם, און גלייך אנגעשטעלטן, פּינקט ווי עקסטרע אויסגעשטייפטן, לאַפּאַטעבערדל:

— גיטן אָוונט!

רעדאַקטאָר:

— גיט יאָר, גיט יאָר. (צים סעקרעטעער שטיל) גיי... סעקרעטעער פערלאָזט דאָס צימער.

רעדאַקטאָר:

— ני, וואָס מאַכט איר, ה... האַ?

בערלינער דיכטער:

— איך האָב מיר איבערגעלייגט, נאָך א ישב האָב איך בעשלאָסן אָנצינעמען אייער פאָרשלאַג...

רעדאַקטאָר:

— וואָס, האַ?..

בערלינער דיכטער:

— אָט צי גייען זעען די אביונישקייט...

רעדאַקטאָר:

— ע, טע, טע, טע... שוין נאָך אַלעם...

בערלינער דיכטער:

— וואָס?..

רעדאַקטאָר:

— שוין... שוין שפּעהט...

בערלינער דיכטער (פערכאַפּט):

— וואָס?

רעדאַקטאָר:

— שוין נאָך אַלעם...

בערלינער דיכטער:

— און אַנדערער?..

רעדאַקטאָר:

— מילא, אַז איר זענט נישט איינגעגאַנגען...

בערלינער דיכטער בלייבט שטייען פערקלעהרט:

— אָודאי דער אַמעריקאַנער שונדיסט..

רעדאַקטאָר:

— מאַ... אַז איר זענט נישט געקימען, הגם..

בערלינער דיכטער:

— וואָס?

רעדאַקטאָר, זיך קראַצנדיק אינטערן אויער:

— איר דאַרפט נישט בעדויערן... וואָס וואָלט איר דאָרט געזען? אַן אויסגעהאַקטע טיהר, אַ שויב פערשטיפט מיט אַ שמאַטע, אָדער מיט אַ ברידיק קישעלע... אַ ראַכיטיש פיסעלע... אַ געהל פנימעל...

בערלינער דיכטער:

— אָבער...

רעדאַקטאָר עטי-פעטי, איבעררייסנדיק:

— הערט איר, מילא... דאָס האָב איך איבערגעגעבן אים טאַקי.

בערלינער דיכטער:

— טאַנצנקלאַפערן... וואָס האָט ער מער געלענק?

רעדאַקטאָר:

— ער וועט גאָר זעען אַנדערע זאַכן: אַלטע מיידן, וואָס דאַרפן אַ סך נדן. און אַמעריקאַנער זעהט גאָר אַנדערע זאַכן.

(קראַצט זיך אינטערן אויער) דאָס איז נישט געווען פאַר אייך... פאַר אייך אָבער האָב איך עפּעס אַנדערש, אַנדערע לייסטונ-גען... מיר האָבן דאָך קולטור פּראָבלעמען אַזויפיל.. גייט אין זשורנאַליסטן פעראיין, זעהט, מען זאָל עפּעס טיען פאַר דער יידישער קולטור...

בערלינער דיכטער:

— אַודאַי, געוויס, געוויס... אָבער אַ פונקציע ביי דער רעדאַקציע?..

(בלייבן ביידע אַ ביסל פערקלעהרט)

בערלינער דיכטער:

— מיין ראָמאַן וועט גייען?

רעדאַקטאָר:

— איצטער שוין נישט אַזוי באַלד, ווייל דעם אַמעריקאַ-נערס גייט ציערשט, נאָר דערנאָך...

בערלינער דיכטער:

— אָבער אַן אָפּמאַך וועל איך קריגן מיט אַ פּענסיע?

רעדאַקטאָר:

— מעגליך, מעגליך, טאַקי יאָ... אויב נישט טייער. נאָר איר העערט... (קראַצט זיך אַביסעלע אינטער), און דאָס ענין, אויפ-ציהייבן אַביסעלע אינזער קולטור-מצב, דאַרפט איר נישט אָפּ-לאָזן.

בערלינער דיכטער:

— געוויס, געוויס!

רעדאַקטאָר:

— ני, איז גיט... איר'עט דאָך נאָך דאָ זיין מארגן?..

בערלינער דיכטער:

— זיין...

רעדאַקטאָר:

— אַזוי, בייטאַג, אָרים האַלב צוויי—דריי.

בעוולינער דיכטער:

— גיט. (בעוועגט זיך צים גייען) אַ גיטע נאַכט.

רעדאַקטאָר בעגלייט אים צי דער טיהר, דיכטער אָפּ.

סעקרעטעער קימט אַריין.

רעדאַקטאָר:

— ני, ׳עט איר שוין דאָ מאַכן, וואָס מען האָט אָנ-געהויבן...

סעקרעטעער:

— יאָ, יאָ.

רעדאַקטאָר:

— מ׳עט גייען אַהיים, נישט אַזוי ווייט מיטאָגן, ווי אָפּריען. שוועהר מיין פּראַצע, נישט גרינג צי זיין אַ רע-דאַקטאָר...

סעקרעטעער טראָגט אים צי דאָס מאַנטל, דעם היט, דעם שטעקן און בעגלייט אים מיט יראת-הכבוד אין די אָפענער טיהר אַריין. רעדאַקטאָר עטי פעטי, אַ גלייכער, נאָר קוים וואָס ער שלעפּט די פיס (אָפּ).

## קאַפּיטל אַכט

עס איז נאָך האַלבן טאָג. אין אַ גרויסער שיין בעל־בתּישער שטיב. אַ שיינער זשיראַנדל, טיש מיט שטילן, קאַנאַפּע, פּיאַנינע. ביי איר זיצט אַ פריילין דעקאָלטירט. אַרים טיש — דער זשורנאַליסט, פאָטאָגראַפיסט, שרייבער אַפּאַטייטעס און נאָך איין פריילין, דער ערשטערס אַ שוועסטער.

סאַפקאַ: (די וואָס ביים טיש)

— גיט, מיר האָבן בעגעגנט אַ געלעגנהייט אויף חשובע געסט ביי זיך...

זשורנאַליסט:

— דאַנק שיין.

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— דאַנק.

דיענסט קימט אַריין מיט אַ טאַץ טיי, שטעלט פאַר יעדן פין די איין טיי.

פריילין פין דער פּיאַנינע גייט צים טיש:

סאָפקאַ, בעשיידן:

— סאָנקאַ, ווי איז די מיטער?

סאָניאַ:

— דאָס קלייד צו האָבן פון שניידער.

סאָפּקאַ, צו דער דינסט:

— חוהלע, עפּעס צו דער טיי.

חוהלע אָפּ.

זשורנאַליסט:

— אייער מוטער איז נאָך אַ יונגע?

סאָפּקאַ:

— זי וואָלט זיך שטאַרק באַליידיקט אויף דער פראַגע..

זי קאָנקורירט געשמאַק קעגן די טעכטער.

עס קומט אַריין אַ דאַמעלע אַ זייער שיקליכדיקס, קאָרץ געקליידט, נאָר אין שוואַרצן — די זאָקן, די לעטשעלעך און די באַנד, וואָס נעמט אַרום דאָס היטעלע און הענגט אַראָפּ איבער איר ברוסט. — די אַלמנהלע.

סאָפּקאַ און סאָניאַ:

— אונזער מוטער...

זשורנאַליסט:

— ווירקליך?.. (די מוטער בלייבט שטייען פאַרן טיש, אַלע שטעלן זיך אויף).

סאָפּקאַ:

— זייט באַקאַנט: מיין מוטער, עמאַ.

אַלע באַקענען זיך, די מוטער שטייט מיט אַ פראַגע-צייכן, ווען אַלע זעצן זיך.

סאָפּקאַ:

— די מאַמעשי וווּנדערט זיך. (שמייכלט) ביי טאַקי אויס-טערלישע אומשטענדן האָבן מיר די הערן דערקענט. (ווענדעט זיך צו די הערן מיט אַ שמייכל) דערציילן?..

הערן:

אָ, ביטע.

עמאַ שמייכלט:

— איך פרעג זיי דען אַ פּאַספּאָרט?..

סאָפּקאַ:

— די מאַמעשי איז נאָך צו יינג, אַז דאָס זאָל איר אָנגייען.

אַלע פרייען זיך, קוקן דער מוטער לאַכנדיק אין די אויגן.

עמאַ:

— איך דאַנק דיר, טאָכטער, פאַר דיין קאָמפּלימענט.

סאָפּקאַ:

— ניי, טאָ זאָלן מיר דאָס לאָזן אויף שפּעטער.

עמאַ:

— ענטשולדיקט, ליעבע, איך וועל נאָר איבערטייען דעם טראַכט. (ווייזט אירע קליידער)

זשורנאַליסט:

— אָ... (מיטער אָפּ אין וויטערן צימער)

סאָפּקאַ:

— ניי, מיינע ליבע, די טיי... סאָנישי, גיב אַ קוק, דאָס מיידל.

סאָניאַ גייט צו דער קיך-טיהר. אַלע טרינקען.

סאָפּקאַ:

— איך פערגעטער אַזוי מיין מיטער: ווי וועל איך מיך נאָך מיין חתונה מיט איר שיידן?

סאָניאַ קומט צוריק צו איר פּלאַץ.

זשורנאַליסט:

— איר וועט נאָר דעם מאַן אויך אַביסעלע פערגעטערן — דאַן...

סאָפּקאַ, גיט אַ ציטער מיט די אַקסלען:

— אוי! היט מיך גאָט...

אַלע צעלאַכן זיך.

זשורנאַליסט:

— דאַן...

שרייבער אפּאטייטעס:

— געוויס...

דיענסט מיט קאָנפעטור אויף אַ טאַץ מיט טעצעלעך, צריק אָפּ.

פרוי עמאַ — אַ העל קליידל, ווייס בלוזקעלע, הויך אויפגעקעמטער פריזור. זעצט זיך. אַלע קיקן ענטציקט.

סאָפּקאַ, לאַכעריש:

— ני, אַזאַ מאַמעשי?..

זשורנאַליסט:

— אָ, געוויס.

שרייבער אפּאטייטעס:

— ווייניק אַזעלכע...

סאָפּקאַ כאַפּט אָרים די מיטער, קישט איר:

— הער נישט, מאַמעשי, אַלע לויבן זענען גארנישט קייגן דיר.

עמאַ:

— איך בין ציפרידן, ציפרידן, לאָז משיגענע... (גיט דער טאָכטער אַ קליינטשיק פעטשל אין פנים) ני, מיינע הערן, פערשעמט נישט דעם טיי-פּאַרבייס. (אַלע נעמען שטיל זיפּן).

זשורנאַליסט, דערענדיקט די טיי:

— ני, דאַכט זיך, אַז איצט קענען מיר שוין אינזער אַרבעט אָנהייבן.

פאָטאָגראַפיסט גיט אַ טאַפּ צים פאָטאָגראַפיר־אַפּאַראַט, וואָס ער האַלט נעבן זיך.

כאָפּקאַ:

— איך מיין: צים ערשטן אינזערע אייגענע גרופּע...

זשורנאַליסט:

— אַך, יאָ. (צי עמאַן) איר וועט דערלויבן, מאַדאַ־מעלע?..

עמאַ:

— מיט פערגעניגן.

פאָטאָגראַפיסט שטעלט אויף דעם פאָטאָגראַפיר אַפּאַראַט.

זשורנאַליסט:

— ניי, מאַכסט עס איינס־צוויי.

סאָפּקאַ:

— איר ווילט אינז שוין אַזוי גיך איבערקימען?.. גיט נאָר די גזשיוועקע... אַזוי פאָטאָגראַפירט מען זיך?.. (נעמט אַרויס די האָר־קאַם פין איר קאָפּ, ציהט אַרויף די קליינע הענטלעך צי זיינעם, וועלכן ער לאָזט אַראָפּ) און די, סאָניעלע, כאַפּ דעם אַמעריקאַנער, זאָל ער נישט אייפערן...

שרייבער אפּאַטייטעס:

— אָ, נאָ...

סאָניעלע גייט צי, מיט דער קני האַרט צים אַמעריקאַ־נערס שויס, ווי ער זיצט, מיט איר קאָפּ נעמט זי אים קעמען.

פאָטאָגראַפיסט, לייגט דערווייל אַרויס די קלישע פין דער האַנט:

— מאַדאַם, (גיט זיך אַ נייג פאַר עמאַ׳ן) איר וועט דערלויבן?

עמאַ:

אָ, ביטע...

פאָטאָגראַפיסט, ציהט אויס ביידע הענט, פעריכט איר דאָס קרוזשעווקעלע ארים האַלז, דערנאָך דאָס פעלדל צווישן ביידע בריסטן:

— מאַדאַם...

— וואָס?..

סאַמע איבערן אויער:

— איך ליעב אייך...

עמאַ, פערצערטלט, צעשמייכלט:

— נישט מיינע טעכטער?..

פאָטאָגראַפיסט, אויפן ווינק:

— פאַר יענע „האַלעדריגעס"... איך, אויף מיין גורל, קלויב איך אויס די מיטער...

עמאַ, גראַציעז, שמייכלט:

— אַ שפּאַס?..

פאָטאָגראַפיסט, טיעפער איבער איר אויער.

— ווי איך ליעב!..

ווי דאָס זעלבע נאָכאַמאָל צי הערן, שטעלט זי אויף די באַק... אָבער פאַרפאַלן! ער גיט איר אַ קיש אריין...

דאָס זעלבע טיען אויך יענע מיט די טעכטער... דערנאָך קיקן זיך אַלע אים, צי האָבן עס די אַנדערע נישט בעמערקט.

בקירוב זיצן ויינע נעבן די אַנדערע, האַלטן זיך אַרים די טאַליעס, פערגעסן אָן אויפגעשטעלטן אַפּאַראַט אין מיטן שטיב, מען קלאַפּט אין דער איינגאַנג טיהר פון קאָרידאָר.

סאָפקאַ:

— ווער קען דאָס זיין?

דאָס קלאַפּן הערט אויף, סאָפקאַ פערטיפט זיך צריק אין משורבאַליסטס האַנט אַרים איר טאַליע. (קליינע פויזע)

אין אַ ווײַלע אַרום, מען קלאַפּט ווידער.

סאָפּקאַ:

— סאָניעלע... גיי צו...

סאָניא:

— איך?...

סאָפּקע וויל אויפשטיין.

זשורנאַליסט:

— גיי נישט. ס'איז אודאי אַ שלעפּער...

עמאַ, וויל אויפשטייען:

— אַ חוצפּה דאָס איז...

סאָניאַ, אונצופרידן, גייט צו דער טיהר.

מען הערט זי רעדן אין דער אויפגעשפּאַרטער טיהר:

— וואָס ווילט איהר דאָ?

אַ פרויען קול:

— אוי, מען זאָגט... אַמעריקאַנער...

סאָנקעלע:

— דאָלאַרן?... (פערקלאַפּט די טיהר, קימט צריק, ברוגז־ליך, בייז)

סאָפּקאַ:

— די אביונישקייט האָט זיך שוין דערוויסט... איהר וועט זיך שוין נישט האָבן, ווי צו בעהאַלטן...

שרייבער אפּאַטייטעס:

— דאָרט אַרבעט מען שווער אויפן סענט...

סאָניעלע זעצט זיך צריק ביי זיין האַנט.

פאָטאָגראַפיסט:

— מיר וועלן היינט דען נאָך טיען די אַרבעט?

זשורנאַליסט:

— אָך!...

פאָטאָגראַפיסט:

— ס׳איז אַ יושר אָנציצינדן דעם גאַז.

זשורנאַליסט:

— דער „פאָטאָגראַפיסט"...

עמאַ לאַכט:

— איהר האָט ליעב ליכט?...

פאָטאָגראַפיסט:

— מיין אַרבעט... איך נישט... (איבערן סאַמע אויער) כ׳האָב עקסטרע געהייסן אָנצינדן, כדי איך זאָל האָבן אַ סימן, אַז איך בלייב דאָ אויף ביינאַכט...

עמאַ, לאַכט:

— האַ, האַ, האַ.

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס, עס געפעלט אייך?...

עמאַ:

— גיי שוין... איך קען דאָס נישט...

פאָטאָגראַפיסט:

— פאַרוואָס?

עמאַ:

— וואָס וואָלטן מיינע טעכטער געזאָגט?

פאָטאָגראַפיסט:

— גאָרנישט... וואָס זאָלן זיי זאָגן? מאלע עס בלייבט איין שטיקל מאַנספערזאָן?

עמאַ:

— און אייערע קאָלעגן?...

פאָטאָגראַפיסט, שטייט אויף:

— חברים, איך לייג פאָר...

עמאַ, גיט אים אַ ציה ביי דער פאָלע:

— וואָס ?...

פאָטאָגראַפיסט :

— וואָס שאַדט ?...

זשורנאַליסט :

— וואָס ליגט ער פאַר ?...

עמאַ :

— אַ משיגענער... (קליינע פויזע) ער וויל פאַרלייגן עפעס אַזוינס, וואָס קלעהבט זיך נישט...

אַלע, טשיקאַווע :

— וואָס ?

עמאַ :

— וועגן בלייבן דאָ אַ גאַנצע נאַכט...

זשורנאַליסט :

— ני יאָ, אָך...

עמאַ :

— אָך, מיין פריינט, מען קען נישט, וואָס וועט דער דרויסן זאָגן ?

סאָניעלע :

— פאַרוואָס קען מען נישט ?...

עמאַ :

— איך ווייס פאַרוואָס מען קען נישט ?...

סאָפקאַלע און סאָניאַלע :

— יאָ, מאַמעשי, יאָ...

עמאַ :

— ני, וואָס זשע פרעגט איר מיך... (אַלע הייבן אָן צו פּאַטשן שטיל אין די הענט, קיקנדיק צו פרוי עמאַ.)

סאָניעלע שטייט אויף אָנצינדן דעם גאַז.

מען בעשטעלט נאָכאַמאָל טיי. עס ווערט ליכטיק. מען ברענגט טיי. אַלע זעצן זיך צום טיש.

עמאַ:

— ווי אַזוי קומען די הערן אַהער?

סאָפּקאַ:

— דאָרך אַ ציפּאַל... דאָרך אַ קיש אין די האַנט. איך בין געווען מיט סאָניאַלען אין טויער.

עמאַ:

— אין טויער?

סאָפּקאַ:

— די הערן האָבן געפרעגט אויף גרויסע אָרעמעלייט... האָב איך זיי געזאָגט, אויב זיי ווילן נישט קראַנק ווערן אויף אַן עפּידעמישע קרענק, זאָלן זיי נישט גייען.

עמאַ:

— וויהין האָבן זיי געוואָלט?

סאָפּקאַ:

— אין די סוטעריגע...

זשורנאַליסט:

— עס ליגט דאָרט אַזאַ קראַנקער?

סאָפּקאַ:

— ניין. דאָרט זיצט אַ ייִדענע מיט זיבן אייניקלעך, וואָס מאַכן אויף דר׳ערד, ווי ווערים, ווייל די טאָכטער האַנדלט מיט אַ קיישל אין גאַס.

עמאַ:

— ני?.

סאָפּקאַ:

— האָב איך זיי מציל געווען דאָ אַהער, נאָכדעם ווי דער זשורנאַליסט האָט מיר אַ קיש געגעהבן די האַנט...

צי מאָרגנס. פריה צי פרישטיק. אַרים טיש די דריי הערן. פריש ארימגעוואַשן. טרינקען טיי.

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ הויז?.

זשורנאַליסט:

— אַ רעפאָרמירטע שיהל, די דאַווענער טאָרן זיך נישט דערלויבן אויף עקסטאַז...

פאָטאָגראַפיסט:

— מען קען האָבן פין די מיידלעך, וויפיל די ביהן פין האָניק, וואָס איז אינטער אַ גלאָז...

זשורנאַליסט:

— האָסט געליטן אַ מפּלה?..

פאָטאָגראַפיסט:

— כ'האָב געגליהט, ווי אַן אייזן... ד מיטער איז אָפּגעהיטן, ווי די מיידלעך.

זשורנאַליסט:

— זיי זעען אין אינז חתנים... דאָס קאַלטע געוועהר, זייער מכלומערשטע ציגעלאָזטקייט, העלפט נאָר אָנלייגן אַ פייער ביי יענעם אין הערצל, מעער ווי גאַנצע צריקגעהאַלטנקייט...

פאָטאָגראַפיסט:

— כ'פיהל מיך, ברידער, ווי אַ הינט, וואָס האָט אַראָפּגעשלינגען אַ טשוואָק די נאַכט.. די מיטער איז נאָך קערנדיקער, כ'קען שטאַרבן פין ליעבע, די קישקעס אין בויך דרייען זיך מיר איבער.

שרייבער אפּאַטייטעס:

— אַזעלכע וואָלט איך שוין אויך געוועז אַ בעלון מיט־ציפּיהרן.

זשורנאַליסט:

— גיי פערפאַלן, מען מיז זיין קאָרעקט. נאָר כדי נישט צי זיצן מער דאָ אין „גהנום״, וועל איך פאָרלייגן איינצי־לעדן זיי אין דער אָפּערע.

שרייבער אפּאַטייטעס:

— וויפיל קאָסט „אַ טיקעט?״

זשורנאַליסט:

— נישט מער, ווי אַמעריטשקע איז ביכולת פאַר איר נשמה. עס בעטרעפט אַזויפיל, וויפיל ס'איז וועהרט די מיסיאָ־נעריישע ליעבע צי גאָט אויף דער „איסט בראָדוויי״, געשיקט דאָרך אַן ענגליש פאַבריקאַנטל... אַלזאָ, מיר פערבעהטן זיי היינט אין דער אָפּערע.

שרייבער אפּאַטייטעס:

— בעשלאָסן.

די מיטער קימט פין וווייטערן צימער. געפּיצט, געוואַשן, טראָגט די זעלבע קליידער, ווי נעכטן צים מיטאָג.

עמאַ:

— ווי זענט איר געשלאָפן, מיינע הערן?

זשורנאַליסט:

— אָ, דאַנק, מיר דאַנקען.

עמאַ:

— גיט?

זשורנאַליסט:

— ווי אַ פויגל... בעסער... אי ער וויגט זיך אויפן צווייגל, אי ער פאַלט נישט אַראָפּ.

פאָטאָגראַפיסט:

— אַ טשוואָק אין בויך... ברידער!

עמאַ:

—אוי, ווי משוגע... (צו אפּאטייטעס) און איר וואָס שווייגט?

שרייבער אפּאטייטעס:

— אָלרייט...

עמאַ:

— פרישטיק... מיינע טעכטער, באַלד... ענטשולדיקט (אָפּ אין די קיך)

זשורנאַליסט:

— פריינט אפּאטייטעס.

שרייבער אפּאטייטעס:

— וואָס?

זשורנאַליסט:

— איר האָט „טראָבל"...

שרייבער אפּאטייטעס:

— „נאָ"...

זשורנאַליסט:

— כ'האָב מורא, אַז „יעס"... דאָס „געסייפטע" טשעקן-ביכל וועט פּלאַצן... ס'איז שוואַך... ס'האַלט נישט אויס קיינע אַן אנדערן גאָט...

שרייבער אפּאטייטעס:

— פון וואָס לעבן זיי?...

זשורנאַליסט:

— אָט דאָס איז זייער הויז, זיי לעבן פון „רענט", אויף צו כאַפּן אַן „איינמאָליקע מציאה" האָט דיין דאָלאַר דאָ נישט קיין שליטה...

פאָטאָגראַפיסט:

— מיין פאָטאָגראַפיר אַפּאַראַט האָט שוין מער מיידלעך געצויגן...

עס הערן זיך טריט.

זשורנאַליסט, גלייכט זיך אויס:

— ניי, מיינע הערן...

די טעכטער, געפּיצט, געוואַשן, געדרייטלט, אויך די מי־טער פון קיך, נאָך איר די דינסט מיט פרישטיק אויף אַ גרויסער טאַץ.

די הערן שטייען אויף קעגן די צוויי טעכטער, לאָזן זיי זיך זעצן. זיצן דערנאָך אַליין אַנידער. דינסט אָפּ.

זשורנאַליסט:

— מיר האָבן פאַרגעסן, ס'איז שוין היינט צימאָרגנס...

סאָפּקאַ:

— וואָס?..

עמאַ:

— יאָ, גערעכט... געוויס די אַרבעט אָפּטיען.

שרייבער אפּאטייטעס:

— אַרבעט איז פאַר „פּלעזשי".

סאָפּקאַ:

— מאַמעשי, די פרוי דאָ אַהער מיט די צוויי טעכטער...

עמאַ.

כ'וועל זאָגן דעם מיידל. (צעשטעלט פון דער טאַץ יעדן קאַווע, ס'געבעקס לאָזט זי שטייען אין מיטן טיש. אָפּ אין קיך. אַלע וואַרטן. זי קומט צריק. פאַרנעמט איר פּלאַץ. מען עסט.)

אין אַ ווײַלע אַרים. דינסט בעווייזט זיך.

עמאַ:

— זי איז געווען?

דיענסט:

— יאָ.

עמאַ:

— גיט.

דיענסט פיהרט אַריין פון אינטער דער טיהר פון קיך — אַ פרוי, זעער געפּאַלן, מיט צוויי מיידלעך, דערוואַקסענע, עלטערע.

זשורנאַליסט:

— יאָ...

די דיענסט פיהרט זיי צים אויסגאַנג פון קאָרידאָר

— שטייט דאָ.. (די פרויען בלייבן שטייען טיעפער אינ־טער דער וואַנט. דיענסט גייט צריק אין קיך)

עמאַ:

— אַ סיורפּריז... איר וועט נישט דאַרפן גייען צי זיי...

זשורנאַליסט:

— פאַר אינז? אַ דאַנק זעער.

סאָפקאַ:

— איר קענט דערווייל צירעכט מאַכן דעם אַפּאַראַט...

זשורנאַליסט, פערייכערט אַ פּאַפּיראָס, צים פאָטאָגראַפיסט:

— יאָ...

פאָטאָגראַפיסט, שטייט אויף, שטעלט אָן דעם אַפּראַט.

עמאַ, צי די פרויען:

— איר וועט אַזוי גיט זיין אַרויסגייען אַהעהר עטוואָס.

פאָטאָגראַפיסט גייט צי, שטעלט זיי אויף דער זייט טיהר, אָנווייזנדיק.

זשורנאַליסט, גיט אַ ווינק צים פאָטאָגראַפיסט, יענער קימט צי, בייגט זיך אָן:

— זעה, זיי זאָלן האָבן טיכלעך אויף די קעפּ, אָדער

צעשויבערט... דאָס איז פערקעמט...

עמאַ גייט צו זיי:

— איר האָט נישט עפּעס טיכלעך?

די פרעמדע פרוי:

טיכלעך?..

עמאַ:

אָדער די האָר צערידערט אַביסעלע.. (הייבט אויף די הענט, צו איין פרייליגס קאָפּ, די פריילין כאַפּט אים אַוועק, אדרבה, זי גלעטיקט נאָך שטאַרקער צו די האָר. עמאַ קיקט זיך איבער מיטן זשורנאַליסט)

זשורנאַליסט:

— ס׳טויג נישט... (גיט אַ ווינק) ניין...

פרוי עמאַ גייט צריק. אַלע שטעלן זיך אויס אין אַ רעדל אינטערן אַפּאַראַט, שטילע בעראַטונג.

זשורנאַליסט:

— זיי האָבן זיך אָנגעטיען יום טובדיק.. (אונציפרידן) ס׳איז נישט...

עמאַ, גייט צו די פרויען ביי דעם קאָרידאָר:

— מען קען נישט ערשט... (קליינע פּויזע).

די פרויען ווילן גייען צו דער קיך טיהר.

עמאַ:

— איר קענט מיטן פראָנט... (פיהרט זיי אַרויס אין קאָרידאָר. עס הערט זיך אַן עפענען און אַ צריק פערקלאַפּן די טיהר. פרוי עמאַ קימט צריק אַליין).

פאָטאָגראַפיסט צים זשורנאַליסט:

— טאָ וואָס זשע?

זשורנאַליסט:

— גאָרנישט... (צו פרוי עמאַ) מען וואָלט אפשר געקענט

אַראָפּבּעפּעהלן, זיי זאָלן זיך אָנטיען ווי אין דער וואָכן...

עמאַ:

— זיי האָבן שמאַטעס געניג... (אָפּ אין קיך)

זשורנאַליסט, אויפגערעגט:

— אַ שאָד די צייט...

פאָטאָגראַפיסט:

— ני... פערפאַקן ס׳קעסטל?...

זשורנאַליסט:

— וואַרט נאָך... (קליינע פויזע) ני, סאָפּקאַלע, ווי פיהלט איר זיך?

סאָפּקאַ:

— ווי אַ מיידל, ווען די מענער זענען פערנימען...

זשורנאַליסט:

— פיין... (גייט צו איר צו) לאַנגווייליק?...

סאָפּקאַ:

— מיר? צו קיקן — יאָ..

זשורנאַליסט:

— ווייסט איר וואָס — רייכערט אַ פּאַפּיראָסל... (נעמט אַרויס דעם פּארטסיגאַר, גיט איר אַ פּאַפּיראָס, צינד אָן אַ שוועהבעלע)

(עמאַ קימט צריק. לענגערע פויזע. זשורנאַליסט טראָגט איר צו אַ פּאַפּיראָס, גיט סאָניעלען אויך, אַלע דריי רייכערן, זשורנאַליסט אַליין נישט.)

דיענסט, קימט אַריין. אַלע קיקן צו איר...

עמאַ:

— ני?...

דיענסט:

— ניין... איבערהויפּט די טעכטער...

זשורנאַליסט:

— ני, איז נישט...

עמא, גייט צי צי דער דיענסט.

דיענסט:

— זיי זענען נישט קיין בעהעלטער...

עמאַ:

— איז נישט...

דיענסט צריק אָפּ.

זשורנאַליסט:

— מאַדאַם, מיר לאַדן אייך היינט איין אין דער אָפּערע, מיט אייערע טעכטער.

עמאַ, צי סאָפּקאַן:

— ווי מיינסטו?

סאָפּקאַ:

— גיט...

זשורנאַליסט, נעמט אַרויס די פּאָרטמנעע, גיט דער מיטער איבער דריי בילעטן, צים שרייבער אפּאטייטעס:

— איר׳ט פערשפּאָרן קויפן...

שרייבער אפּאטייטעס:

— „אָללרייט!"

עמאַ, בעקיקט די בילעטן:

— ערשטע רייע... דאַנק!

פאָטאָגראַפיסט:

— ני, איינפּאַקן. (גיט אַ צענעם דעם אַפּאַראַט, לייגט אים גלייך אין אַ קעסטעלע:

— ני, עמאַשי, מיר וועלן זיך זעען אין טעאַטער. (קישט איר די האַנט. שרייבער אפּאטייטעס, זשורנאַליסט, פאָטאָגראַפיסט קישן די הענט פון אַלע דאַמען.

נאָך האַלבן טאָג. אַ קנייפּיעלע אין אַן אָפּגעלעגענער טייל פון שטאָט. אין אַ הינטערשטער שטיב, אַ פלעשל ליקער מיט קליינע מאַנדל-ברייטלעך אין אַ טעלער אויף אַ טישל ביי אַ פענסטער. דערביי זיצן שרייבער אַפּאַטייטעס, זשורנאַליסט, פאָטאָגראַפיסט.

זשורנאַליסט:

— דאָרט איז סיי ווי סיי נישט געווען דאָרכצופיהרן, דאָ!..

עס קומט אַריין דער אייגנטימער דאָרך אַ פּראָסט היל-צערן טיהרל אין דער וואַנט: אַן עלטערער גרעק, שוואַרצליכע מאָנטנע אויגן. זשורנאַליסט ווינקט מיט אַ פינגער.

גרעק, גייט צו אינטערטעהניק:

— וואָס?..

זשורנאַליסט:

— ביסט אַ גאַסטפריינטליכער?.. מען קען דאָ אַריינפיהרן וועהמען?..

גרעק גיט אַ נייג מיטן קאָפּ.

זשורנאַליסט:

— פיהר אינז אַריין אַ פּאָר מיידלעך, נאָר איינע אַן עלטערע...

גרעק:

— גיט... (פלעגמאַטיש אָפּ).

זשורנאַליסט גיעסט אָן גלעזלעך:

— לחיים! (אַלע טרינקען).

עס קימען אַריין צוויי גאַסן מיידלעך און איינע אַן על־
טערע פרוי.

עלטערע פרוי שעפּטשעט:

— איך טויג דען אויך?..

זשורנאַליסט און פאָטאָגראַפיסט:

— קימט נעהנטער... קימט.

פאָטאָגראַפיסט גייט צו זיי צו, שמיעסט מיט זיי אין
דער שטיל.

מיידלעך:

— מיר האָבן נישט קיין פּאַטשיילעס...

זשורנאַליסט, גייט אויך צו:

— וואַרט, אפשר האָט דער אייגנטימער... גיב זיי צו
ביסליך ברוינפין. — (גייט אוועק צים טיהרל פין וועגטל, ווי
ער קיקט אַריין. פאָטאָגראַפיסט פיהרט די פרויען צים טישל,
גיעסט זיי אָן ברוינפין.)

גרעק בעווייזט זיך אין טיהרל.

זשורנאַליסט:

— אַ פּאָר פּאַטשיילעס...

גרעק:

— ניין...

זשורנאַליסט:

— אַלטע, צעריסענע?..

גרעק:

— סיידן „כאָדניקעס"... לייוועגטער. —

זשורנאַליסט:

— גיט... (גרעק אָפּ. אַ קליינע ווײַלע, קימט צריק מיט
נישט קלאָרע פּאָדלאָגע לייוונטלעך).

זשורנאַליסט, צו די מיידלעך:

— נעמט, פריווט... (קליינע פויזע, זיי הײַלן זיך איין אין זיי) גיט, און די האָר אַ ביסל... (פאָטאָגראַפיסט גייט צו, צערידערט זיי די האָר. שטעלט אַריין צווישן זיי בײדע די עלטערע פרוי. צעשפּילעט איר אַ ביסל דאָס בלוזקעלע, אַ דאַר, שוואַרץ האַרץ קיקט אַרויס, ער צעשויבערט איר אַ ביסל די האָר. שטעלט אויף דעם אַפּאַראַט, קיקט, האַלטנדיק דאָס ציפּקעלע.)

זשורנאַליסט:

— דריק!..

פאָטאָגראַפיסט, ציילט:

— איינס, צוויי. (גלייכט זיך אויס פּאַרטיק.)

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— שוין?..

די מיידלעך וואַרפן אַראָפּ פון זיך די לייוונטלעך, גלייכן זיך צו די האָר, די פרוי דעסגלייכן, שפּילעט זיך צו די בלוזקע.

זשורנאַליסט:

— זיי האָבן שוין געטרינקען ליקער?

פאָטאָגראַפיסט:

— יאָ. —

זשורנאַליסט נעמט אַרויס קליינגעלט, שטיפט יעדער אַריין אין האַנט.

עלטע־ע פרוי:

— סיידן נאָר צו אַזעלכע זאַכן... צו עפּעס אַנדערש טויג איך שוין נישט...

איין מיידל:

— אַ פּאַפּיראָס... (זשורנאַליסט גיט איר אַ פּאַפּיראָס, זי פאַררייכערט. אַלע פרויען אָפּ)

זשורנאַליסט צו אַפּאַטייטעסן.

— אַ יולדות דאַרף מען... (צום פאָטאָגראַפיסט) ריף אַריין דעם אַלטן. (פויזע. פאָטאָגראַפיסט פאָלגט און קומט אַריין מיטן אַלטן)

זשורנאַליסט:

— צי האָסטו נישט אַמאָל אַ ליילעך, מעג זיין אַ שטיקל קרעטאָן.

גרעק:

— יאָ. (פויזע. גרעק אָפּ און קומט צוריק מיט אַן אַלט קרעטאָנען ליילעך, ווידער אָפּ)

פאָטאָגראַפיסט, שפּילעט עס צו איבער אַ ווינקל צו ביי-דע ווענט. זשורנאַליסט זוכט ביי זיך אין פּאָרטפעל, געפינט אַ „שיר המעלות"-ברייוול און שטעכט עס אויף אויף דער קרעטאָ-נענער פויערהאַנג. פאָטאָגראַפיסט שטעלט אָן אַנטקעגן דעם אַפּאַראַט, קוקט, האַלטנדיק דאָס שנירל מיטן ציפּקעלע אין דער האַנט, גיט אַ לייכטן דריק, גלייכט זיך אויס:

— פאַרטיק... (פויזע. שלעפּט אַרויס די קלישעס)

זשורנאַליסט:

— נאָכאַמאָל דעם אייגנטימער.

פאָטאָגראַפיסט אָפּ. זשורנאַליסט נעמט אַראָפּ דאָס „שיר המעלות"-ברייוול, דערנאָך דאָס שטיקל קרעטאָן, לייגט דאָס „שיר המעלותל" צוריק אין פּאָרטפעל. קליינע פויזע. פאָטאָגראַפיסט קומט צוריק מיטן גרעק.

זשורנאַליסט:

— נאָך אַן אַלטיטשקען מאַן מיט אַ באָרד...

גרעק:

— איך וויים... (אָפּ).

זשורנאַליסט פאַרייכערט אַ פּאַפּיראָס. (לענגערע פויזע).

שרייבער אפּאַטייטעס:

— איך פֿיהל שוין באַלד קיין גאַנץ אבער נישט פֿון דעם אַרימשלאָפֿן זיך.

זשורנאַליסט:

— מאַ... שוין באַלד...

גרעק קימט צריק מיט אַ גרייז גראָען אַלטן קריסט, מיט אַ קריסטוס-לענגליך און דאַר פּנים.

קריסט:

— האַ... (בלייבט שטייען אין מיטן שטיב)

זשורנאַליסט:

— „דבר" אים...

פֿאָטאָגראַפֿיסט:

— אַביסעלע ברוינפֿין, אַלטיטשקער... ס'איז געבליבן... איבעריק... (גיעסט אים אָן אַ גלעזעלע ליקער, דערלאַנגט, ריקט אים צי אַ מאַנדל-ברייטל).

קריסט, נעמט מיט אַ ציטערדיק ביינערדיקער האַנט:

— צי געזינט אייך. (טרינקט, פֿערבייסט, פּויזע).

זשורנאַליסט:

— טרינקט נאָכאַמאָל, אַלטיטשקער. מיר האָבן דאָך נאָר איין גאָט...

קריסט:

—איינעם נאָר, איינעם... ביים „קאָשציאָל" בין איך געוועסן אַ גאַנצן טאָג, געבעהטן אַ גראָשן... נישט געקריגן...

זשורנאַליסט, גיעסט אים אָן דאָס צווייטע גלעהזל:

— אַ שטיקעלע הערינג?

קריסט:

— מאַ... (טרינקט. קליינע פּויזע).

זשורנאַליסט, גיט אַ ווייז צים גרעק:

— הערינג... (גרעק אָפּ. קליינע פּויזע) דער גרעק טרויט אינז נישט דעם קריסט... מיט די מיידלעך האָט ער אינז גע-לאָזט... שטעל אַריין די קלישע... (פּויזע)

גרעק ברענגט אַ מאַרינירט הערינגל אויף אַ טעלערל.

זשורנאַליסט:

— די, אַלטיטשקער, געפעלסט אינז אַזוי, דיין פּנים, אַזוי עהנליך צי קריסטוסעס, די באָרד פּאַטריאַרכאַליש, מיר מיזן דאָס פּאָטאָגראַפירן...

קריסט:

— כ'בעהט זעער, כ'בעהט... (גלייכט זיך אויס).

פּאָטאָגראַפיסט בעהט אים, קייגן פענסטער אויפהייבן די אויגן. זשורנאַליסט, גיט אים אַ גלעהזעלע ליקער אין די האַנט. פּאָטאָגראַפיסט קיקט, האַלטנדיק דאָס שנירל, גיט אַ דריק דאָס ציפּקעלע, גלייכט זיך אויס...

ער נעמט פענאַנדער באַלט דעם אַפּאַראַט.

זשורנאַליסט:

— זיק, אַלטיטשקער, עס, טרינק.

קריסט:

— דאַנק! (זעצט זיך).

זשורנאַליסט, צים גרעק:

— וויפיל קימט?

גרעק, שרייבט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, זשורנאַליסט נעמט אַרויס געלט, בעצאָלט. אַלע נעמען נאָך צי שנאַפּסן שטייענדי-קערהייט. זשורנאַליסט געזעגנט דעם קריסט. ער, אַפּאַטייטעס, פּאָ-טאָגראַפיסט אָפּ.

# קאַפּיטל ניין

אָוונט. רעדאַקטאָר עטי־פּעטי אין רעדאַקציע־צימער. עס שפּנט זיך די טיהר. מיסטער בינאָקל קומט אַריין.

רעדאַקטאָר:

אָ, בינאָקעלע... נייעס? (נעמט אים צום ערשט ביים אַרבל, קריגט זיך דערנאָך צו צו זיין גאָלער האַנט, גיט אים אַ גלעט איבער איר) האַ?..

מיסטער בינאָקל:

— אָ, אַסך... אַ גאַנצן מעת לעת נישט אַריינגעקוקט אַהער.

רעדאַקטאָר עטי־פּייטי:

— אינטערעסאַנטס?..

מיסטער בינאָקל:

— איר הערט דאָך — אַ גאַנצן מעת לעת נאָר זיך נאָכיאָגן...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— נאָך וועהמען?

מיסטער בינאָקל:

— כ'האָב פערפאָלגט דעם מכשף...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— די?..

מיסטער בינאָקל:

— אַלץ די שדים אין יענעם הויז...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ני, האָסט שוין עפּעס?

מיסטער בינאָקל:

— שוואַרץ אויף ווייס... (כאַפּט אַרויס לאַנגע בעשריבענע פּאַסן פּאַפּיר.)

רעדאַקטאָר עטי-פּײטי:

— ע, בינאָקעלע, בינאָקעלע (גיט אים צערטליך אַ גלעט איבער די האַנט און כאַפּט זיינע צריק צו) היהט דיר די ביינדעלעך... אָנציהייבן מיט שדימלעך... פּערקריך נישט צו וו...

מיסטער בינאָקל:

— איין מיידל האָבן זיי דאָך שוין פּערגוואַלדיקט.

רעדאַקטאָר עטי פּײטי:

— היהט זשע די דיך אויך...

מיסטער בינאָקל:

— איך?..

רעדאַקטאָר עטי פּײטי:

— פּאַר שטעערן צו האָבן „אַ נקבה״, שניידט מען אַפילו ביי מענטשן נישט גלאַטיק אָפּ...

— מיסטער בינאָקל:

— ני, מילא, וואָס זאָל מען טיען?

רעדאַקטאָר עטי פּײטי:

— גיט... גיב זשע עס איבער דעם סעקרעטעער און זאָל עס שוין גייען אין דער מאַשין אַריין. — ער קימט שוין אַריין.

מיסטער בינאָקל:

— גיט.

עס עפנט זיך די טיהר, סעקרעטעער קימט אַריין.

רעדאַקטאָר עטי פּײטי:

— זעהט, בינאָקעלע האָט אינטערעסאַנטע נייעס... זאָל

עס שוין אַריין...

סעקרעטעער נעמט צו די פּאַפּירלעך בײַ מיסטער בי-נאָקלען.

מיסטער בינאָקל:

— האָט זשע מיר אַ גיטע נאַכט.

רעדאַקטאָר בעגלייט אים צו דער טיהר, מיסטער בי-נאָקל אָפּ.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, צים סעקרעטעער:

— לייגט זשע די שדימלעך אַוועק, גיט זיי נאָך נישט...

עס קימט אַריין שרייבער אַפּאָטייטעס:

רעדאַקטאָר:

— אַ!

שרייבער אפּאטייטעס:

— „יעס"... (נייגט מיטן קאָפּ).

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אויף אייערע מאַטעריאַלן וואַרטן מיר דאָך...

שרייבער אפּאטייטעס:

— נישט גרינג געווען...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— נישט גרינג... האַ?..

שרייבער אפּאטייטעס:

— ניין... גאָרנישט גרינג... אַרימגעטראָגן זיך פּינקט ווי בלעם מיט די זיבן מזבחות... אויפגעשטעלט דאָס אפּאַראַטל אימעטים... געפּריווט, טאָמער, טאָמער... און געשלעפּט זיך דערמיט פין איין אָרט צים אַנדערן... קיין גאַנץ אבער פּיהל איך נישט...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, טרייסטנדיק:

— ני שוין... ני שוין... וואָס גלייכסטו צו בלעם׳ען?
בלעם בן פעור, בן פרת... דאָס מיינט מען דעם דייטשס אָ
זיהן, ווייל זיי הייסן דאָך טאַקי „פּרת״ פרייס... ימח שמם זאָלן
זיי ווערן און אָפּגעמעקט פון דער וועלט און פון אינטער אירע
הימלען... איז ער דאָך געגאַנגען דעמאָלט שעלטן די יידן...
ווען ער האָט זיך געטראָגן מיט די גוזמאות... און די ביסט
געגאַנגען יידן ציהעלפן, כּדי צו פאָטאָגראַפירן די אָרעמקייט...
וויי זשע נאָר, וואָס האָסטו?

שרייבער אַפּאַטייטעס שלעפּט אַרויס פון זיין פּאָרטפעל
איין פאָטאָגראַפיע. רעדאַקטאָר קיקט נייגעריק אריין אין איר
צוזאַמען מיטן סעקרעטער.

רעדאַקטאָר עטי פייטי, גיט אַ קליין זיפצעלע פון הנאה
ווענן:

— אָט דאָס...

סעקרעטער, שאָקלט מיטן קאָפּ צו יאָ:

— גוט.

רעדאַקטאָר עטי־פייטי:

— און הייסן זאָל עס „דער פיזאָלאָגישער אימוואַנדלונגס־
פּראָצעס״. און צוגעהבן נאָך אַ שורהלע — „אַלס רעזולטאַט
פון דער נויט אויף דער יידישער גאַס״.

סעקרעטער:

— געוויס... (שאָקלט מיטן קאָפּ צו יאָ)

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— יאָ...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— און הינטן אַ שטיקעלע בעשרייבונג... אַזוי ברייטליך
אַ ביסל... מער אַרומגערעדט די נויט: מענטשן ווערן פער־
וואַנדלט דורך אַ לאַנגן פּראָצעס פון נויט — פון מענטש, ביז

מאַלפּע, ביז גאָר אור-אור אַלטן וואַלד-שטייגער. ביז מיט פּאָר טויזנט יאָר צוריק... ביז מיט פּאָר צען טויזנט... הינדערט טויזנט... וואָס גייען נעבעך די מיידלעך איינגעוויקלט אין קאָרע, נישט אין קיין מלבושים?

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— יאָ.

רעדאַקטאָר עטי-פּייטי:

— און ווי די קאָרע איז אַזוי ווייך, ציגעפּאַסט צים גע-בּרויך... פּינקט ווי אויסגעאַרבּעטע „כאַדניקעס״... דאָס גיט זיך די גויט אַזוי אַן עצה!

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— יאָ.

רעדאַקטאָר עטי-פּייטי מאָטיפּאָטי:

— שוין... און די מיטער, זעה איך, האָט יאָ עפּעס אַ בלוזקעלע!

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— אַ לאַך...

רעדאַקטאָר מאַטי-פּאָטי:

— אַ זאַק...

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— יאָ.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי פּאטי מאָטי:

— און וואָס עסן נעבעך די דאָזיקע מענטשן? וועגן אָט דעם דאַרף מען שרייבן אַזאַ שטיקעלע... אַזוי ברייטלעך... ביי אייך אין אַמעריקע לייגט מען דאָך אַרויס אינטער די וואַנס זעמעל פֿין נעכטן, פֿלייש פֿין נעכטן... פֿיש און סערדינען פֿין נעכטן... און טאָרט פֿין נעכטן... און די קעץ פּאַשען זיך דאָך אַזוי גראָב, אַזוי פּוכיק...

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— איך וועל שרייבן וועגן דעם...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— און ווייז באָר, וואָס נאָך האָסטי?

שרייבער אַפּאָטייטעס, ציהט אַרויס פון פּאָרטפעל אַ צוויי-
טע פאָטאָגראַפיע:

— אַן אָרעמע יולדת... אַ קימפּעטאָרן...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אַ קימפּעטאָרין.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— איר זעהט די אָרעמקייט?

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— איך זעה.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— דאָס חושכדיקע ווינקל?

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— איך זעה.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— אַ יידישע יולדת, נעבעך, אַ „שיר המעלות" בריוול...
אָט וועגן דעם דאַרף מען שרייבן...

ביידע בלייבן אין אַ פאַרטראַכטער פּויזע.

רעדאַקטאָר, מיט אַ זיפצעלע:

— וואָס נאָך האָסטי?

שרייבער אַפּאָטייטעס, ציהט אַרויס נאָך אַ פאָטאָגראַפיע:

— אַ ייד מאַכט שבת קידוש איבער אַ גלעזעלע פּלוי-
מען-יויך, נעבעך. צוויי מאַנדל-ברייטעלעך. אַ הערינגל אויף אַ
טעלערל.

רעדאַקטאָר:

— אַ פּאַטריאַרכאַלער ייד! אָט דאָס וועט מאַכן אַ רושם. זאָלן די אַמעריקאַנער זען, ווי אַ ייד זעהט אויס! זאָל דאָס הייסן?..

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— אַ יידישער גלעזער.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— יאָ. „פון גיזקע גאַס״. (שטילערהייט) דאָס היטל עפּעס אַ ביסל נישט יידיש... קריסטליך.

סעקרעטער:

—אַלט-וואַרשעווער פּאַטריאַרכאַלע יידן פלעגן טראָגן מיט גלאַנציקע דאַשקעס.

רעדאַקטאָר:

אַזוי...

סעקרעטער:

— אָבער פאַר די וואָס ווייסן נישט, קען מען דאָס היטל פון דער פאָטאָגראַפיע אַראָפּשניידן, און צוזעצן צו דעם קאָפּ אַ היטל פון אַן אַנדערער פאָטאָגראַפיע, מיט אַ יידישן פאַסאָן.

רעדאַקטאָר:

— ס'פּראַקטיצירט זיך?

סעקרעטער:

— שטענדיק... (לענגערע פויזע)

רעדאַקטאָר, לייגט אַוועק די פאָטאָגראַפיעס אויפן שרייב-טיש, פערטראַכט:

— איז ווען זשע וועט איר צימאַכן די בעשרייבונג?

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— ס'איז דען אַ פליכט... שלא על מנת לקבל פרס?

דאָס גייט נישט אַריין אין דער פענסיע...

רעדאַקטאָר:

— ע, טע, טע, טע... (קליינע פויזע) ני גיט... בעזינדער.

נאָר וואַרעם... אַזוי וואַרעם געשריבן...

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— גיט. (קליינע פויזע) אַ גיטע נאַכט. (שרייבער אַפּאַ-
טייטעס אָפּ)

רעדאַקטאָר, צים סעקרעטעער:

— מען זעהט עפּעס נישט... די בעשטעלטע?..

סעקרעטעער:

— זענען שוין דאָ אייניקע, פון פריער... אפשר איצט
נאָך... (אָפּ)

סעקרעטעער קימט אין אַ ווײַלע אַרים צריק מיט איינעם.

דער נייער:

— הער רעדאַקטאָר!

רעדאַקטאָר:

— וואָס אי?

דער נייער:

— גיט אָוונט.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— גיט יאָר. איר האָט דערהאַלטן?

דער נייער:

— וועגן דעם טאַקי קים איך דאָך...

רעדאַקטאָר:

— נישט דוקא איר אַליין, פערשטייט איר...

דער נייער:

— אוודאי.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— פערהאַנדלונגען מיט אַלע אינסטיטוציעס געזעלשאַפט־ליכע... איר האָט דאָך געזען נאָך יידן אין דער פאַרנדיקער שטיב?..

דער נייער:

— יאָ... דאָ הינען טאַקי האָב איך ערשט דערפאַהרן... כ'ווייס, כ'בין חלילה נישט קיין בן יחיד ביי אייך.

רעדאַקטאָר:

— כ'על חלילה נישט פערלאַנגען פון אייך, וואָס פון אַנדערע נישט...

דער נייער:

— וואָס?

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אַ קליין טובהלע וויל איך אייך טיען...

דער נייער:

— מיר?

רעדאַקטאָר:

— אייער אינסטיטוציע... נישט בלויז אייערע — אַלע...

דער נייער:

— ני.

רעדאַקטאָר:

— אַ גרויסן בלימעל־טאָג אייך מאַכן...

דער נייער:

— ני, איז דען נאָך אַ פראַגע, צי מיר ווילן?

רעדאַקטאָר:

— די גאַנצע עפנטליכקייט אויפאָדערן!

דער נייער:

— אַ פראַגע!

רעדאַקטאָר:

— נאָר איר דאַרפט עס דאָרכפיהרן...

דער נייער:

— אַ פראַגע!...

רעדאַקטאָר:

— איז גיט?...

דער נייער:

— יאָ...

רעדאַקטאָר:

— וואָס יאָ?...

דער נייער:

— ני וועלן מיר צינעמען... איך מיין, איך מיין, איר דאַרפט זיך נאָך פרעגן וועגן דעם צי מיר וועלן נעמען?

רעדאַקטאָר:

— וואָס נעמען? איר הערט דאָך, אַז איך גיי עס איינ־אָרדענען...

דער נייער:

— ני, יאָ, איר...

רעדאַקטאָר:

— נישט איך, נאָר די רעדאַקציע...

דער נייער גיט זיך אַ וויש איבערן שטערן:

— אַ, יאָ, נישט איר... (פערטראַכט זיך, גיט זיך נאָכאַמאָל אַריין איבערן שטערן) ני, איז ווי אַזוי מיינט איר?

רעדאַקטאָר:

— אָ... אין דער פאָרנדיקער שטיב קימט צי אַ הסכם פריער מיט די איבעריקע... דערנאָך קימט אַריין... אַליין, איר איינער אַליין...

דער נייער:

— קענט איר מיר אפשר זאָגן עפּעס ממשותדיקס... איך מיין, כ׳זאָל קענען גלייך רעדן...

רעדאַקטאָר:

— ע, טע, טע, טע... קימט נאָר אַדאָרך פריער צווישן זיך... דערנאָך...

דער נייער:

— ני גיט... (אָפּ)

רעדאַקטאָר, צים סעקרעטעער:

— איצטער עט מע זעען...

ער שטייט אויף, גייט אויף און אָפּ, אַביסעלע גערירט...

עס עפנט זיך די טיחר. עס קימט אַריין דער „גלייכער שפּיגל״:

— גיטן אָוונד...

רעדאַקטאָר:

— יאָ...

גלייכער שפּיגל, רעדט און קיקט אין בעליק אַריין:

— אַז ס׳איז אַזאַ אָנלויף, אַז מען קען די רעדאַציע נישט דאָרכגייען...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— האַ... גלייכער שפּיגל? גייט טאַקי אַריין...

גלייכער שפּיגל:

— וואָס האָב איך דען דאָרט? ווער איז דען דאָרט דאָ?...

רעדאַקטאָר:

— גאָרנישט... עסט נאָר אַ קיק געהבן. כ׳דאַרף, זיי זאָלן דיך זעען...

גלייכער שפּיגל „געממזרט״:

— אַז כ׳פערשטיי נישט...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ע... (גיט אים אַ גלעט) איר זענט דאָך אַ גנבֿ...

גלייכער שפּיגל:

— אַז איך פּערשטיי טאַקי נישט...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ני גייט שוין, איר זענט דאָך אַ גנבֿ...

גלייכער שפּיגל, גיט אַ הייב מיט אַן אַקסל־אָרם און מיט אַ פּיס:

— מילא, אַז איר זאָגט כ׳פּערשטיי... (דרייט זיך אימ־געלימפּערט אויס, פּינקט ווי אַ שיף, ווען זי איז אַרויף אויפן ברעג און האָט שוין אָנגעקלאַפּט אָן זאַמד)

רעדאַקטאָר עטי פּייטי

— יאָ, יאָ... איר זענט אַ גנבֿ...

גלייכער שפּיגל:

— אָבער דאָס וועט נישט זיין אימזיסט... (אָפּ)

אין אַ קליינער ווײַלע אַרים. עס קימט אַרײַנצילויפן דער נייער.

דער נייער, שטיל:

— אי, צי וואָס האָט איר, מיר אַרײַנגעשיקט דעם גלײַכן שפּיגל? אי, ער מאַכט דאָך מיר קאַליע מיט זיין בעווייזן זיך...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי מאָטי פּאָטי:

— ס׳שאַד נישט, ס׳שאַדט, קרוינעלע...

דער נייער:

— אי, יעדער געדענקט נאָך... און יעדן האָט ער שוין אַ ביס געטיען...

רעדאַקטאָר:

— וועהמען?...

דער נייער:

— מילא מיר, בין איך איך מוחל... אָבער די איבעריקע?

רעדאַקטאָר:

— אייך?...

דער נייער:

— אינזער חברה האָט ארויסגעלאָזט אַ בלימעל צי פּער־קויפן, און זעלבן אין דער פּריה קימט פין אים אַזאַ פּזמון: „גיי איך אַרויס פין שטיב, כאַפּט מען מיך פאַר דער לאַץ מיט אַ בלימעל... וויל איך צריק אין שטיב, כאַפּט מען מיך אָן מיט אַ בלימעל... וויל איך אַנטלויפן אויפן טראַמוויי, לויפט מען מיר נאָך מיט אַ בלימעל... וויל איך מיך בעהאַלטן צי אַ שכן, שפּרינגט מען מיר נאָך שוין אויף דער שוועל מיט אַ בלימעל... האָב איך מיך מישב געווען און אַרויף אויפן פּערטן שטאָק און — אַ סוף זאָל עס נעמען! אַראָפּגעוואָרפן זיך און, אַן עק זאָל עס נעמען מיטן בלימעל!..." ני פרעג איך אייך: אין טאָג, ווען מען לאָזט אַרויס אַ בלימעל... און זעלבן אינדערפריה?... און דאָס האָט ער שוין אַלע אַנדערע געביסן...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני, וואָס וויל ער?...

דער נייער:

— ער האָט דאָך גאָרנישט געזאָגט... מיר זאָלן דען זיין נביאם, אַז ער וויל עפּעס?...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני, מילא, וואָס אַמאָל איז געווען... ני גיי שוין, קינדעלע... ס'שאַדט נישט...

דער נייער:

— איך בין נישט חושד... איר האָט'ן חלילה נישט אָנגערייצט ערשט, קייגן אַלע זיך אַנידערצישטעלן דאָרט... אָבער

נעמט אים צי... ער שטעערט מיר... ער ריפט אַרויס פערדראָס...

רעדאַקטאָר עטי פייטי, צים סעקרעטעער:

— ווי מיינט איר... ר׳עט מיך פאָלגן דער שייגעץ?..

ני, גייט, זאָגט אים, אַז איך דאַרף אים...

דער גייער און סעקרעטעער אָפּ.

דער שותּף קימט אַריין:

— וואָס איז עס דאָרט פאַר אַזאַ גערידער?

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— כ׳האָב דאָך זיי געלאָזט קימען...

שותּף:

— אָבער עפּעס אויפגערעגט...

רעדאַקטאָר:

— ס׳שאַדט נישט... דער גלייכער שפּיגל איז דאָרט...

שותּף:

— אָבער דאָס ציזאַמענריפן איז כאָטש עפּעס?...

רעדאַקטאָר, גיט עפּעס אַ טאַפּ מיט די פינגער אין דער ליפּט:

— אַוודאי...

גלייכער שפּיגל, קימט אַריין מיטן סעקרעטעער.

גלייכער שפּיגל:

— ני, וואָס ריפט איר מיך ווידער צריק?... אַן אָנטשע-פּעניש אַביסל... זיי האָבן אויף מיר אויסגעשטעלט אויגן פינקט, ווי כ׳וואָלט זיי עפּעס ציגענימען... פינקט ווי זיי וואָלטן ביי מיר ווייב און קינדער פערמשכונט און, כ׳וויל זיי נישט אַוועק-געהבן...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ע... איר זענט דאָך אַ גנב...

**גלייכער שפיגל:**

— וואָס האָב איך פֿון זייער פֿיינשאַפֿט צו מיר?...

**רעדאַקטאָר עטי פֿייטי:**

— איר זענט דאָך אַ גנבֿ...

**גלייכער שפיגל:**

— הכּלל, רעדאַקטאָר, גיט מיר אַ קוויטעלע צו דער קאַסע.

**רעדאַקטאָר:**

— ע, איר זענט דאָך אַ גנבֿ...

**גלייכער שפיגל:**

— ני. ני... איך האָב גאָרנישט מער, ווי פֿיינשאַפֿט... אַ וועלט מיט שונאים מאַכט מיר אָן אייער צייטונג...

**רעדאַקטאָר עטי פֿייטי מעטי פּעטי, צעלאַכט זיך שטילינש־קערהייט:**

— ביסט דאָך אַ גנבֿ...

**גלייכער שפיגל:**

— וואָס מער האָב איך?...

**רעדאַקטאָר עטי פֿייטי:**

— און פֿלעשעלעך כּרמל וויין... און אַ גיט טיך קעל־נערלעך... און אַ גיט טיך שקאָרפּעטקעס... און ביליק סחורה אויף אָן אַנציג... און דער „היאַס" קען דען נישט נעמען אַ שליח אָן אַנדערן... געדענקסט פֿאַר אַ יאָהרן... אָפּצישיקן געלט צו אַ ייד אין אַ פֿערוואָרפֿן שטעטל אַריין?... צי וואָס דאַרף ער דיך נעמען פֿאַר אַ שליח, כּדי די זאָלסט ערשט נעמען אַ שליח?... נאַרעלע... דאָס „צייטונגל" איז דאָך טאַקי נישט גע־מאַכט געוואָרן פֿאַר מיר...

**גלייכער שפיגל:**

— הכּלל, רעדאַקטאָר, אַ קוויטעלע...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— נאַ דיר אַ קוויטעלע... (שרייבט אים אויס פון אייגע־נעם בלאָקל, גיט אים)

גלייכער שפּיגל, נעמט צי, דרייט זיך געשווינד אויס, ווי אַ שיף אויף איין זייט, ווען זי ווערט געלעכערט:

— אַז כ׳האָב גאָרנישט פון דאָ הינען... אַז כ׳האָב נאָר אימזיסטע שונאים...

רעדאַקטאָר, בעגלייט אים אין די טיהר אַריין:

— גנב...

גלייכער שפּיגל אָפּ.

שותּף:

— מען דאַרף מאַכן אַ סוף צו די ציגאָב קוויטעלעך... דאָס מאַכט אַ לאָך אין דער קאַסע.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— מען קאָן דאָך נישט... האַ... אַ רעדאַקציע האָט דאָך זייטיקע זאַכן... איר האָט דאָך געהערט: צו וואָס דאַרף ער אַ וועלט מיט שונאים?... קוויטלעך מוזן דאָך זיין... (קליינע פּויזע) איי, איי, איי... ס׳איז דען נישט שוועהרער אַ צייטונג צו פיהרן, ווי אַ לאַנד?.. דאָרט פיהרן דאָך מיניסטאָרן אַסך...

דער נייער קימט אַריין:

— הער רעדאַקטאָר, כ׳האָב מיך געדאָרפן עפּעס אינפאָר־מירן: דאָס בלימעל, פערשטייט זיך, קענען דאָך אַלע אין איין טאָג נישט אַרויסלאָזן... ס׳עט דאָך ווערען אַ פערפּלייצונג... ס׳זענען דאָך דאָ דרייסיק חברות... טאָ ווי אַזוי?... מען דאַרף געפינען אַ פאָרם, עס זאָל טראָגן אַ גראַנדיעזערן כאַראַקטער...

רעדאַקטאָר:

— דער „בלימעל־חודש״... אינטער דעם נאָמען... אַזאַ אַלגעמיינער קאָמפּ...

דער נייער:

— דאָס איז אַן אויפטיה...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— נו, ווי האַלט עס שוין?..

דער נייער:

— מ׳עט אַ דאַרף... כ׳מיין פיפציק פּראָצענט וועלן זיי איינגייען, צי געהבן פאַר אַנאָנסן...

רעדאַקטאָר:

— אַכציק... און אייך צוואָנציק..

דער נייער:

— צוואָנצנק?.. (דרייט מיטן קאָפּ צי ניין)

רעדאַקטאָר:

— יאָ, יאָ...

דער נייער:

— מילא, איך גיי טיען... (אָפּ)

רעדאַקטאָר, צים שותף:

איר זעהט שוין... דער „גלייכער שפּיגל״ האָט זיי אַרויס־געבערענגט פון גלייכגעוויכט?.. פיפציק שוין...

דער נייער קימט צריק:

— כ׳בין אַנטלאָפן... אַכציק! כ׳האָב זיי אָפּגעבריהט... כ׳האָב פשוט מורא פאַר זיי... זיי זענען מיך בעפאַלן, ווי די ביהגען, ווען מען וויל ביי זיי צינעמען דעם האָניק...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— בעפאַלן?... ע... עס איז דאָך נישט קיין יידישע מידה, ע...

דער נייער:

— נו, איר זעהט דאָך... איך קען נישט אַריינגייען צי זיי... אפשר זעכציק?...

רעדאַקטאָר:

— גיין.

דער גייער:

— מילא, איך גיי... נאָר זעהט, רעדאַקטאָר, אַליין, ווי איך טיה... כ'וואָלט געוואָלט ס'זאָל מיר שפּעהטער ציניץ קימען... אייער מיט אַרבעטער, די פייערדיקע באָרד... זאָל עפּעס אַרויס מיט אַ פרים אַרטיקעלע... ווי אַלעמאָל ביי יידנס צרות... עס זאָל אַ „ציפּ טיען" ביי אינזער חברות אַ בלימעל...

רעדאַקטאָר עטי פּייסי:

— גייט... גייט... גייט...

דער גייער אָפּ.

רעדאַקטאָר, צים סעקרעטעער:

— איך גיי איצט אַרויס... איך דאַרף דאָ נישט זיין... איר וועט זיי אַריינלאָזן איינציקווייז... באַטירן אַלע זייערע חברות, קיין איינער זאָל נישט קענען שפּעהטער זאָגן — ער איז נישט געווען... איר פערשטייט... דערנאָך ערשט וועל איך אַריינקימען, ווען זיי וועלן אַוועק... (צים שותּף) קימט, מיר דאַרפן דאָ נישט זיין איצט... (רעדאַקטאָר און שותּף אָפּ)

סעקרעטעער שניידט שטיקלעך פּאַפּיר.

דער גייער קימט אַריין:

— הכּלל, דאָרכגעקימען...

סעקרעטעער:

— אַכציק...

דער גייער:

— דאָס האָט דער רעדאַקטאָר מיר צי דאַנקען... אַכציק...

סעקרעטעער:

— נאַט אייך די קוויטעלעך... איר ווייסט שוין ווי אַזוי?.. יעדער שרייבט זיך אויף דעם נאָמען פון זיין חברה, שפּילעט

צי צום אַרבל. און לאָזט זיי אַהער אַריין איינציקווייז...

דער נייער נעמט די שטיקלך פּאַפּיר. אָפּ

אין אַ ווײַלע אַרום הערט זיך אַ געדיכט רעדן פֿון אַסך אָנגעקימענע אינטער די טיהר. סעקרעטער מאַכט זיך גרייט צים שרייבן. עס קימט אַריין דער נייער, דער ערשטער, שוין מיט אַ ציגעלשפּילעט קוויטל צי דער לאַץ.

סעקרעטער:

— „בית לחם!" (פֿערשרייבט, דער נייער אָפּ, אים פֿער-בייט אַ צווייטער, אַרייגקימענדיק מיט דער זעלבער אָרדענונג)

סעקרעטער:

— „תומכי ענים!" (פֿערשרייבט, צווייטער אָפּ, אים פֿער-בייט אַ דריטער)

סעקרעטער:

— „לחם עוני!" (פֿערשרייבט, דריטער אָפּ, אים פֿערבייט אַ פֿערטער)

סעקרעטער:

— „תומכי יולדות!" (פֿערשרייבט, פֿירטער אָפּ, אים פֿער-בייט אַ פֿיפטער)

סעקרעטער:

— „סומך נופלים!" (פֿערשרייבט, פֿיפטער אָפּ, אים פֿער-בייט אַ זעקסטער)

סעקרעטער:

— „חזקי הדעת!" (פֿערשרייבט, זעקסטער אָפּ, אים פֿער-בייט אַ זיבעטער)

סעקרעטער:

— „שלומי אמונה!" (פֿערשרייבט, זיבעטער אָפּ, אים פֿער-בייט אַן אַכטער)

**סעקרעטעער:**

— „שומרי שבת!" (פערשרייבט, אַכטער אָפּ, אים פערבייט אַ ניינטער)

**סעקרעטעער:**

— „שומרי הדעת!" (פערשרייבט, ניינטער אָפּ, אים פער־בייט אַ צענטער)

**סעקרעטעער:**

— „גמילת חסד!" (פערשרייבט, צענטער אָפּ, אים פער־בייט אַן עלפטער)

**סעקרעטעער:**

— „מרבה תורה!" (פערשרייבט, עלפטער אָפּ, אים פער־בייט אַ צוועלפטער)

**סעקרעטעער:**

— „רופא חולים!" (פערשרייבט, צוועלפטער אָפּ, אים פער־בייט אַ דרייצנטער)

**סעקרעטעער:**

— „עץ החיים!" (פערשרייבט, דרייצנטער אָפּ, אים פער־בייט אַ פערצנטער)

**סעקרעטעער:**

— „צער בעל החיים!" (פערשרייבט, פערצנטער אָפּ, אים פערבייט אַ פופצנטער)

**סעקרעטעער:**

— „חזקי עוזבים!" (פערשרייבט, פופצנטער אָפּ, אים פערבייט אַ זעכצנטער)

**סעקרעטעער:**

— „טראָפּן מילך!" (פערשרייבט, זעכצנטער אָפּ, אים פער־בייט אַ זיבצנטער)

סעקרעטעער:

— „אצל רענון!" (פערשרייבט, זיבצנטער אָפּ, אים פער־בייט אַן אַכצנטער)

סעקרעטעער:

— „בריאות!" (פערשרייבט, אַכצנטער אָפּ, אים פערבייט אַ ניינצנטער)

סעקרעטעער:

— „בית יתומים!" (פערשרייבט, ניינצנטער אָפּ, אים פער־בייט אַ צוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „אשל!" (פערשרייבט, צוואַנציקסטער אָפּ, אים פער־בייט אַן איינאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „הכנסת כלה!" (פערשרייבט, איינאונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַ צווייאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „אָרעמע קיך!" (פערשרייבט, צווייאונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַ דרייאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „אינטעליגענטן קיך!" (פערשרייבט, דרייאונצוואַנציק־סטער אָפּ, אים פערבייט אַ פיראונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „הכנסת אורחים!" (פערשרייבט, פיראונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַ פינפאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „שמח חתן וכלה!" (פערשרייבט, פינפאונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַ זעקסאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „בקור חולים!" (פערשרייבט, זעקסאונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַ זיבנאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „מתן בסתר!" (פערשרייבט, זיבנאונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַן אַכטאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „מושב זקנים!" (פערשרייבט, אַכטאונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַ ניינאונצוואַנציקסטער)

סעקרעטעער:

— „מלבוש ערומים!" (פערשרייבט, ניינאונצוואַנציקסטער אָפּ, אים פערבייט אַ דרייסיקסטער)

סעקרעטעער:

— „לינת הצדק!" (פערשרייבט, דרייסיקסטער אָפּ, אים פערבייט אַן איינאונדרייסיקסטער)

סעקרעטעער:

— „אַ לעפל קאַשע!" (פערשרייבט, דאָס איז דער לעצטער. אָפּ. עס קימט שוין נישט קיינער.)

סעקרעטעער לייגט צינויף די רשימה.

דער נייער, קימט נאָך אריין:

—נו, האָט איר געזעען. איך האָב מיינס געטיען בשלימות. גריסט דעם רעדאַקטאָר. אַ גיטע נאַכט.

סעקרעטעער בעגלייט אים צי דער טיהר. דער נייער אָפּ. עס קימט איינער אליין דער רעדאַקטאָר.

רעדאַקטאָר, נעמט די רשימה, קנייטשט צי איין אויג:

— איינאונדרייסיק זענען דאָ... טע, טע, טע. דאָס זענען אַנטקייגן די איינאונדרייסיק מלכים, וואָס די יידן האָבן פערטריבן... און דערנאָך זיך אליין אויך... ע, טע, טע, טע. (צים

סעקרעטעער) וועלן מיר האָבן אַ רעדאַקציע-זיצונג, וועלכןחודש צי בעשטימען פאַרן בלימעל... מיר דאַכט זיך, אַז אויפן חודש אלול...

סעקרעטעער:

— יאָ, דאָס איז דער בעסטער חודש...

רעדאַקטאָר:

— אין דעם חודש גיבן דאָך יידעלעך... זיי כאַפּן זיך אויף ווי פון שלאָף: געוואַלט!.. אַ גאַנצן זומער אַרימגעלאָפן מיט פערדרייטע דאַשיקעס, בעהטן זיי, נעבעך, איצטער, אַלע וויסטע קאַליקעס, אַז זיי זאָלן זיי אויסלייזן פון זינד און צו-נעמען די פּאָר גראָשן...

— דעם חודש אָבער וועלן די צדקה חברות נישט בע-שטייען אַוועקציגעהבן, נאָר לאָזן פאַר זיך...

רעדאַקטאָר עטי פייטי פוטי מוטי, גיט אַ קנייטשעלע מיטן שטערן און קוים-קוים אַ מאַך אַ נאַכלעסיקע בעוועגונג מיט דער האַנט:

— ע, טע, טע, טע... (מען קלאַפּט אין דער טיהר, אויפ-געכאַפּט) ביטע!

עס לויפן אַריין מיסטער בינאָקל מיט אַ יינגער דאַמע אין אַ פעלצן-מאַנטעלע און היטעלע מיט אַ הויכער שטרויספעה-דער, אַ וואָאַל אויפן געזיכט, מיסטער בינאָקל:

— גיטן אָוונד, הער רעדאַקטאָר!

די דאַמע פערנייגט זיך:

— גיטן אָוונד.

רעדאַקטאָר:

— גיטן אָוונד.

מיסטער בינאָקל:

— איך שטעל אייך פאָר מיסיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן

די גרעסטע אַרטיסטן אין דער וועלט, העד רעדאַקטאָר.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— עס פריידט מיך זעער. די מיס כּאַשאַ כּאַשיש שוש...

מיכטער בינאָקל:

— שאָן...

רעדאַקטאָר:

— יאָ, ני וואָס האָבן זי געוואָלט און מיט וואָס קען איך איהן דינגען?

מיסיס כּאַשי כּאַשיש שושאַן, ריקט אויף די וואָגל פון דער הינטערשטער העלפט פּנים, ווי עס קיקן אַרויס, אַ פּאָר רויט-פלאַמענדיקע ליפלען:

— אָ, זעער פּיל געגעהדיקער העד רעדאַקטאָר.

רעדאַקטאָר, מיט אַ פלעמעלע אין די אויגן און צע-שמייכלט שראַהלנדיקע קנייטשעלעך אַרום זיי:

— יאָ...

מיסיס כּאַשא כּאַשיש שושאַן:

— אָ, יאָ...

רעדאַקטאָר:

— ביטע. זיצט.

מיסיס כּאַשאַ שושאַן:

— אָ, איך דאַנק זעער (זעצט זיך נישט, נאָר שטעלט זיך נעהנטער צים רעדאַקטאָר, אַזוי, אַז זי עטעמט אים אַזש אַריין אין מויל) איין גרויסע געפעליקייט: איך האַבע היער איין אויפ-טריט אין גראָססן טעאַטער אויף דזיעלנאַ, נישט וואהר?... אונד „פּאָרציגליך”, בעהט איך איהנען איין שיינע נאָטיץ, נישט וואַהר?... אָך, ה׳ רעדאַקטאָר!

רעדאַקטאָר עטי פּייטי מייטי פּייטי:

— יאָ, יאָ, יאָ... פון וואָס זאָל זי בעשטייען די נאָטיץ?

מיסיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— איינע גראָסע שוישפּילערין, נישט וואַהר?... די גרעסטע.

רעדאַקטאָר:

— ניי, יאָ, מיר וועלן שוין וויסן. בינאָקל, די ווייסט דאָך שוין, מיז זיין.

מיסטער בינאָקל:

— יאָ... אָבער דאָס איז נאָך ווייניק.

רעדאַקטאָר, פערטראַכט זיך:

— ניי, יאָ... מען דאַרף נאָך עפּעס אויפטיען... מאָרגן זאָלן אַלע שמיעסן וועגן דער נייער שוישפּילערין... די קענסט נישט עפּעס טיען?

מיסטער בינאָקל:

— איך ווייס?...

רעדאַקטאָר:

— ניי גיי זשע אין גאַס אריין, די וועסט שוין עפּעס געפינען... גיי, גיי, בינאָקעלע...

מיסיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

אָ, דאַנקע, מיין זעער ליעבעס ווירדיקער ה׳ רעדאַקטאָר. און ווען ווערדן מיר זיך זעען נאָך איין מאָל?...

רעדאַקטאָר:

— איר וועט שוין געפינען, ווען... בינאָקעלע, זעה, אז מאָרגן זאָל אימעטים גערעדט זיין וועגן דעם נאָמען... (צו איר) ווען טרעהטן זי אויף, מאָרגן, איבערמאָרגן? (צו אים) מען דאַרף אויפשטעלן די עפנטליכקייט...

מיסטער בינאָקל:

— גיט!

שוישפּילערין דערלאַנגט דעם רעדאַקטאָר די האַנט, וועל-

כּע ער האַלט אַ מינוט אין בײדע הענט און גלעטיקט זי בשעת מיס כּאַשאַ כּאַשיש שושאַן שמײכלט זיס, מכלאָמערשט צריקגע-צויגן מיט די אַקסעלען.

רעדאַקטאָר:

— אַ גיטע נאַכט.

מיסיס כּאַשאַ כּאַשיש שושאַן:

— גיט יאָר.

מיסטער בינאָקל גיט זי אַ כאַפּ אינטערן אָרעם. בײדע אָפּ.

רעדאַקטאָר, צים סעקרעטעער:

— ני, איצטער געענדיקט. צײט צי גײן ריען. (ציהט אַרויס דעם זײגער פין טאַש, קיקט זיך איין מיט אַ נידערי-קער ראיה) עלף. אַנדערע מענטשן שלאָפן שוין.

סעקרעטעער:

— איך גײ אויך. (גיט אַ לאָז אַראָפּ די זאַלויזע פין שרײבטיש, כאַפּט זײן פאַלטנדל פין הענגער אַראָפּ).

## קאַפּיטל צען

רבקהלע פײנגאָלד. אָוונד. אין שטיב איז ליכטיק. אין די טיר קלאַפּט מען.

רבקהלע לויפט צי:

— ווער איז עס?

מיסטער בינאָקלס קול:

— איך.

רבקהלע לאָזט אַראָפּ די קײט, עס קימט אַרײן מיסטער בינאָקל.

מיסטער בינאָקל:

— גיט אָוונט.

רבקהלע פײַנגאָלד:

— גיט אָוונט, גיט יאָר. (ביידע קיקן זיך אָן) איר זענט שוין דאָ לאַנג נישט געווען.

מיסטער בינאָקל:

— פּערנימען...

רבקהלע פײַנגאָלד:

— כ'האָב שוין געבענקט נאָך אַ מענטש

מיסטער בינאָקל:

— און „ער"?...

רבקהלע פײַנגאָלד:

— „ער"?... האָט זיך מסתּמא אָפּגעשמיעסט מיט איינ... קימט אויך נישט פּין צייט אָן איר קימט נישט...

מיסטער בינאָקל:

— ני, גיט זשע מיר אַ קיש, אַז איר האָט יאָ געבענקט נאָך אַ מענטש...

רבקהלע פײַנגאָלד:

— דאָס האָט איר געהאַט צייט דעמאָלט, איר געדענקט?

מיסטער בינאָקל:

— איך האָב נישט קיין שכל געהאַט...

רבקהלע פײַנגאָלד:

— און היינט איז שוין צי שפּעהט... (שמייכלט) צלין פאַר „יענעמס" וועגן...

מיסטער בינאָקל, וויל זיך צי'ן איר ציגענעהנען.

רבקהלע דראָעט אים:

— ניין!

מיסטער בינאָקל:

— איך ווייס, אַז נישט... אַלץ „ער״...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַבי, איר ווייסט כאָטש... (זעצט זיך)

מיסטער בינאָקל:

— אַלץ דעריבער, ווייל איך האָב מיך איינמאָל בענאַ־רישט... אפילו זעצן בעהט זי מיך נישט...

רבקהלע פיינגאָלד, מיט אַ שטיל שמייכעלע:

— איר זאָגט עפּעס?...

מיסטער בינאָקל:

— איך זאָג: אַ שיין פּנים האָב איך ביי אייך... אפילו זעצן בעהט איר מיך נישט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— צי וואָס דאַרף איך אייך... אַז כ׳האָב שוין איינעם, וואָס זעהט אויס פּינקט, ווי איר...

מיסטער בינאָקל·

— דאַרף איך דען זיין דער ערגערער?...

רבקהלע פיינגאָלד, שמייכלט:

— זיצט פינדעסטוועגן... (ער זעצט זיך, קליינע פּויזע) איר זאָלט זיך גאָרנישט איינרעדן... אַ מיידל האָט טאַקי ליעב אויסציקלויבן, צווישן צוויי, דעם בעסערן... און דאָס איז „ער״ טאַקי...

מיסטער בינאָקל:

— איך ווייס שוין אַפילו געננוי, וואָס ער האָט אייך געטיען...

רבקהלע פיינגאָלד, פיין שמייכלענדיק:

— איך האָב דאָך אייך אַליין דערציילט... איר ריפּט עס מיך פערגוואַלדיקט... און איך — אַביסעלע אַנדערש...

מיסטער בינאָקל:

— און דאָך איז ער עהנליך צו מיר...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אָבער פון דעם קען נאָך אייך גאָרנישט אַרויסקימען...

מיסטער בינאָקל:

— אָבער אַ שטיקל סאַטיספאַקציע האָב איך יאָ... איך קען מיר כאָטש איינרעדן: ער — איך, איך — ער...

רבקהלע פיינגאָלד:

— „איינרעדעניש" איז גיט פאַר יענער וועלט צו בע־האַלטן... ערשט אויף איבער הינדערט און צוואנציק יאָר... דער־ווייל אָבער, דאָ?...

מיסטער בינאָקל:

— ני, ני... הערט מיך שוין אויף צו רייצן...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ס'איז אייך ביטער אין „פּיסקל"?...

מיסטער בינאָקל:

— איך קען אייך צריק רייצן... כ'האָב יענע נאַכט גע־זעען אייגע, איז גלייכער אויף יענע צו קיקן, ווי מיט אַנדערע צו פערברענגען...

רבקהלע:

— ווי האָט איר זי געזעען?

מיסטער בינאָקל:

— אין אַ קאַבאַרעט...

רבקהלע:

— אַ טענצערין?...

מיסטער בינאָקל:

— נאָך בעסער, אַן אַרטיסטין...

רבקהלע:

— יאָ, ווער איז די, וואָס האָט פערלוירן פאַר אַ האַלבן מיליאָן איין בריליאַנט?

מיסטער בינאָקל:

— פֿון וואַגען ווייסט איר?

רבקהלע:

— ס'איז היינט בעשריבן אין דער צייטונג...

מיסטער בינאָקל:

— ווי הייסט זי?

רבקהלע:

— מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן...

מיסטער בינאָקל:

— געדענקט איר אַזוי גיט?

רבקהלע:

— פאַר אַ האַלבן מיליאָן אַ בריליאַנט שניידט זיך איין אין זכרון...

מיסטער בינאָקל:

— אָט דאָס איז גיט...

רבקהלע:

— וואָס?...

מיסטער בינאָקל:

— כ'מיין, זי איז אַ גיטע אַרטיסטן, זי וועט אויפטרעהטן אין היגען גראָסן טעאַטער אויף דזיעלנע...

רבקהלע:

— קען איך זי אויך זעען?...

מיסטער בינאָקל:

— יאָ... זאָגט „אים", ער זאָל אייך מיטנעמען...

רבקהלע:

— כ׳וועל אים טאַקי זאָגן...

מיסטער בינאָקל, שטייט אויף:

— ווי כ׳זאָל נישט וועלן דאָ נאָך זיצן, מיז איך צוועק-גייען... כ׳האָב מורא, „ער״ דאַרף אָנקימען...

רבקהלע:

— גיט, גיט, גייט טאַקי...

מיסטער בינאָקל:

— אַ גיטע נאַכט.

רבקהלע:

— אַ גיטע נאַכט! (בעגלייט אים צי דער טיהר. ער אָפּ. ווען רבקהלע קימט צריק צים טיש הערט זיך אַ סערענאַדע פין הינטערן פענסטער:)

מיידל, די מיידל,
פיין ביסט און איידל,
שמייכלענדיק, שטיל,
און פיהרסט גלייך צים ציעל...

הומאָר איז דיין קריג,
און שפּיעל דיין קאַפּריז,
אַזעלכע געפינען
ז׳נישט אין פּאַריז...

מיט דיר זיך בעזעצן
אויף אַן אינזל אַליין,
קען אויך נישט פין אימעט
אַפילו דאָרטן אַנטגייען...

און גיט אויך, וואָס מאַכסט
אויף — אַ צווייטן דיין טיהר,
און גלייבסט, אַז איך בין נישט
איינציק ביי דיר...

אָ, מיידל, די מיידל,
ביסט פיין און גראַציעז,
דערפאַר וועסטי קריגן
אַ קניזשע מיט קעהז...

רבקהלע שטייט די גאַנצע צייט און העערט זיך איין, פליצלינג דערהעערט זיך אַ בילן פין אַ הינט, וואָס בעפאַלט ועהמען אויפן הויף און באַלט דערנאָך אַ קלאַפּן אין די טיהר מיט האַסט. רבקהלע שפרינגט צי, מאַכט אויף.

מיסטער בינאָקל, פאַלט אַריין, נישט טויט, נישט לע-בעדיק:

— אָך, מיין הייס געטרוימטע...

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס איז עס דיר? וואָס ביסטי צערידערט?

מיסטער בינאָקל:

— ווי? גאָרנישט (נעמט אַרויס דעם מאָנאָקל, טיהט אים אָן) איך האָב דאָך דיר געזאָגט גיט אָוונט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ניין, האָסטי טאַקי נישט געזאָגט. האָסט געזאָגט: מיין הייס געטרוימטע...

מיסטער בינאָקל:

— ני, אָנשטאָט דעם...

רבקהלע פיינגאָלד:

— דאָס איז אַ בעגריסונג?

מיסטער בינאָקל:

— קים נאָר, לאָמיך נאָר אָפּעטעמען (ריקט זיך מיט איר אַוועק אין דער מיט שטיב) איך בענק שוין נאָך דיר צוויי טעג. אַזוי רייסט זיך די זין טייל מאָל דאָרך צווישן וואָלקנס, — איז דאָס געווען מיין ערשטע בעגריסונג...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ווי זענט איר טאַקי פערשווינדן?..

מיסטער בינאָקל:

— איך קים ערשט פין אַפריקאַ.

רבקהלע פיינגאָלד:

— טאַקי?.. עס קען נישט זיין...

מיסטער בינאָקל:

— יאָ, מיין ליעבע, אַזוי איז עס...

רבקהלע פיינגאָלד:

— און זעה נאָר, וואָס איז דיר די פּאָלע צעריסן?

מיסטער בינאָקל:

— דאָס האָב איך פערטשעפּעט אָן אַ שפּיץ פין אַ בוים אין יענע וועלדער...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, זענט איר געקימען צי מיר זי ציניייען... איך גלייב אייך נישט...

מיסטער בינאָקל, טיהט איר אַ קיש אין די ליפּן:

— יאָ...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, קימט צים טיש... לייגט אַראָפּ דעם מאָנאַקל... און טיהט אויס דאָס מאַנטל...

מיסטער בינאָקל, טיהט אויס דעם מאנאקל און דאָס מאַנטל. זעצט זיך ביים טיש. רבקהלע נייהט אים צי די פּאָלע.

מיסטער בינאָקל:

— שנאַפּס האָט איר עפּעס?

רבקהלע פֿיינגאָלד:

— צי פֿערבייסן אויך...

מיסטער בינאָקל, טיהט איר, זיצנדיקערהייט ווידער אַ קיש. זי בעפרייט זיך לאַנגזאַם פֿין אים, לייגט אַרויס דאָס מאַנטל פֿין דער האַנט און גייט צי דער סערוואַנטקע, ווי זי נעמט אַרויס, אויף אַ טאַץ, אַ קאַרפֿינקעלע מיט ליקער און פֿערבייסעכץ. ער שטייט אויף, העלפֿט ציהאַלטן דאָס טעצל, מיט איין האַנט, מיט דער צווייטער פֿיהרט ער זי געאַרמט צים טיש, ווי זיי שטעלן דאָס טעצל אַוועק און ביידע זעצן זיך.

מיסטער בינאָקל:

— ני, איצטער ווילט איר, איך זאָל אייך דערציילן עפּעס פֿין מיינע רייזעס?

רבקהלע זעצט זיך צי אים אויף דער שויס:

— ני, אַז איר וועט וועלן, פֿאַרוואָס נישט?

מיסטער בינאָקל, גיעסט אָן צוויי גלעהזלעך:

— נאָר מיר וועלן פֿריער טרינקען אויף קוראַזש...

רבקהלע פֿיינגאָלד:

— ני, אדרבה, מיט פֿערגיניגן... (ביידע טרינקען אויס, צינויפֿקלאַפּנדיק זיך די גלעהזלעך.)

מיסטער בינאָקל:

— באַלט, ווי איך בין נאָר אַרויסגעפֿאָרן פֿי'ן דאַנען, האָט דער אַעראָפּלאַן צעבראָכן דעם רעכטן פֿליגל... אָבער אין דערזעלבער רגע איז מעכאַניש אַרויסגעשפּרינגען פֿין דעם זעלבן אָרט, אויף דער זעלבער זייט, אַזאַ ליפּט-זאַך, פֿין וואָס עס ווערט אַ פֿליגל... פֿינקט אַזאַ פֿליגל, ווי דער ערשטער... אויף דעם אָרט פֿין אָפּגעבראָכענעם... דאָס ווערט מאָמענטאַל, אין

קאַטאַסטראָפע, און שוין, ס'איז שוין צריק גיט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אָט אַזעלכע מעשיות האָב איך ליעב... מען שפּיעלט באַטש אַמאָל מיטן לעהבן אויך?..

מיסטער בינאָקל:

— דערפין—גאָרנישט... דער אַעראָפּלאַן דווינזשעט קוים אַראָפּציפּאַלן אַזוי אויף אַ פּיפציק, זעכציק מעטער נידעריקער... איבערדרייען זיך אַזוי אַ צוויי, דריי קאָזשעלקעס... בלייבט ער שוין פעסט הענגען... און דער עיקר, מען קען אים פעריכטן אין דער ליפט... (קליינע פויזע) דעמאָלט ווערט אַרויסגעריקט נאָך איינער אַ פליגל, ווי אַ צילייג-בעטל פין דער וואַנט פין אַעראָפּלאַן... דאָס איז שוין דער אמתער פליגל... און מען פליהט נאָרמאַל ווייטער, נישט אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף דער ערד צים פעריכטן, פין וואַנען מען וואָלט זיך שוין נישט געקענט אויפהייבן ציליעב די זימפּן...

רבקהלע פיינגאָלד:

— גרויסע זימפּן?

מיסטער בינאָקל:

— אַך, און שלאַנגען און עקדישן... און עס קאָכן אַרים און אַרים די וועלדער אין געהויל פין די חיות... און ס'איז אַ געשיפעריי אין דער ליפט, בלויז פין די שלאַנגען וואָס וויקלען זיך אַרים דיביימער...

רבקהלע פיינגאָלד:

— שטעל איך מיר פאָר, ווי אַזוי דאָרט זעהט אויס...

מיסטער בינאָקל:

— אָ, מיין פריינדין... וואָס טיהט מען דען נישט, כדי צי קימען צי דער געליעבטער!

רבקהלע פיינגאָלד:

— צי וועלכער געליעבטער?..

מיסטער בינאָקל:

— ני... צי׳ן אייך...

רבקהלע פיינגאָלד:

— איר האָט דאָך אָנגעהויבן צי דערציילן, אַז איר זענט אַרויסגעפלויגן פין דאַנען... און אַז איך וואוין דאָ, טאָ וואָסזשע זענט איר געפלויגן אַהין צי מיר?

מיסטער בינאָקל:

— וואוינען וואוין איך אין די אַפריקאַנער וועלדער... און דאָס האָב איך דיר דערציילט פין מיין רייזע צי דיר...

רבקהלע פיינגאָלד:

— מאַ... כ׳מיז דאָך גלייבן די מעשיות...

מיסטער בינאָקל:

— איר האָט זיי ליעב?

רבקהלע פיינגאָלד:

— זעער ליעב...

מיסטער בינאָקל:

— מיין געליעבטע, איך וואָלט דיר דערציילט נאָך מעער מעשיות: פין ים טיעפענישן, פין שטעדט אין די ערד-קראַטערס און אַפילו פין די ווייטסטע אינזלען...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, פאַרוואָס זשע טיהסטי עס נישט?..

מיסטער בינאָקל:

— ווען „זשול ווערן" וואָלט זיי מיר נישט אויסגעכאַפּט"...

רבקהלע:

— ווער איז דער געווען?

מיסטער בינאָקל:

— דער גרעסטער כשופמאַכער אויף דער וועלט. (קליינע פויזע) וואָלט איך דיר געקענט דערציילן כאָטש פֿון די גייסטער און אַראַבישע מדבריות, פֿון די „דזשיני׳ס.״

רבקהלע:

— פֿאַרוואָס זשע נישט?..

מיסטער בינאָקל:

— האָט זיי מיר אויך די „טויזנט און איין נאַכט״ אויס-געכאַפּט...

רבקהלע:

— און, ווער איז דאָס?... איז דיר שוין גאָרנישט געבליבן?

מיסטער בינאָקל:

— אַ מיטלפּערלנעם באַרג מיט אַ גלעזערנעם שלאָס... האָט אים מיר אויך ר׳ נחמן בראַצלאַווער ציגענימען...

רבקהלע:

— ניי, ביסטי דאָך שוין געבליבן אַ גאַנץ קליינער מאַכער?...

מיסטער בינאָקל:

— ני, מילא, וואָס זשע זאָל איך טיען?

רבקהלע פֿיינגאָלד:

— כ׳ווייס?...

מיסטער בינאָקל:

— פֿערלעשן דעם גאַז... אין דער פֿינסטער איז אפשר בעסער צי דערמאָנען זיך... (פֿערלעשט דעם גאַז)

רבקהלע:

— הלוואַי, זאָלסט אמת זאָגן...

עס ווערט פֿינסטער. עס הערט זיך אַ שאָרכן. דערנאָך אויף לאַנג שטיל.

מיסטער בינאָקלס קול:

— ני, וואָס פיהלסטי אַצינד?..

רבקהלע פיינגאָלדס קול:

— ווי איר טראָגט מיך אויף אַן עראָפּלאַן...

ער:

— און די אַפריקאַנער וועלדער זעהסטי?

רבקהלע:

— יאָ...

# קאַפּיטל עלף

נאָך מיטאָג. אין רעדאַקציע צימער. רעדאַקטאָר עטיפּייטי, סעקרעטעער.

רעדאַקטאָר עטי מעטי:

— גי לעז זשע..

סעקרעטעער לעזט אַ בריעף, נאָר וואָס אַרויסגענימען פון קאָנווערט, וועלכן ער האַלט אין דער האַנט:

„בערלין 6—12—29.

פינם העכסטן קאָמיטעט איבער די שטיצעס־פּערטיילונג: שוהלן, קאָאָפּעראַטיוון, געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס, פונדאַציעס און אַלע דזשוינט בענק און בענקלעך אין גאַנץ פוילין”.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— יאָ, יאָ...

סעקרעטעער, ווייטער:

„אינזער העכסטער קאָמיטעט האָט די עהרע, אייך אויסצי ריקן דעם פילסטן ציטרוי פאַר דער ריכטונג פין אייער ציי־טונגס־טעהטיקייט, וועלכע סאָלידאַריזירט זיך מיט אינזער ניצליכער כלל־טיערישער אַרבעט, איבער דער גאַנצער צייט פין אינזער שטייען ביז אַהעהר, און מיט גאָטס הילף, ווייטערדיקן שטייען ביים געזעלשאַפטליכן רידער!—בעזינדערס האָבן מיר

היינט געלעזן אין אייער צייטונג, בעשרייבונגען איבער דער פוילישער יידישער אביונישקייט, פון דעם אלעם געשעצטן און אלעמען געריהמטן שריפטשטעלער הער אפאטייטעס, צילייב וואס מיר זענען פיל אין התפעלות און מיר דריקן אייך אויס אינזער אימבעגרעניצט התפעלותדיק דאנקען, אייך, ה׳ רעדאק־טאר און גרויסער פיהרער פון דער עפנטליכער מיינונג, דאס איז איינמאל — מיט גאטס הילף! — און דאס צווייטע מאל, (נאר אביסעלע קלענער) דריקן מיר אויך אויס אינזער דאנק דעם געעהרטן און פון אלעם בעליעבטן ה׳ אפאטייטעס. אינזער קאמיטעט איז ענטציקט מיט די טרעפליכע שילדערונגען און פאטאגראפיעס פון דער שרעקליכער נויט אין דעם דארטיקן ארעמען, דערשטיקטן יידישן קווארטאל פון דער שטאט, ווי עס בילדעט זיך די קאמפאקטע מאסע פון דעם גרעסטן יידישן קבוץ אין גאנץ פוילן״...

רעדאקטאר עטי פייטי:

— ני, ני?..

סעקרעטער:

„אינזער קאמיטעט דריקט בעזינדערס אויס אנערקענונג, ווי איר ווייסט אפצישאצן די בעדערפענישן פון דער געזעלשאפט און טרעפן פינקט אין פינטל אריין ווי מען דארף אריינטרעפן... די בעשרייבונג אין אייער געערטער צייטונג, איז צו אינזער צווייטער העלפט „דרייוו״ גאר איינגיכן, בכל תפוצות אמעריקע, פינקט ווי א פאדעם צים לעכל פון א נאדל... אויפן גרינט פון אייער בעשרייבונג, וואס קימט פון דער סאמע קוועלע, פון פוילן, האבן מיר שוין אוועקגעשיקט בריעף אין די גאנצע פרעסע בכל תפוצות, איבערצידריקן נאטיצן. אויך איז אינזער קאמיטעט ענטציקט איבער אייער פערשטענדעניש פאר פאטא־גראפיעס... „דער גלעהזער, וואס מאכט קדוש״ איז דאך די

איידלקייט צלײן. יעדער ייד וועט דאָך באַלט דערפיהלן, מיט שטאָלץ, די איידעלע אָפּשטאַמונג פון זיין פאָלק — כאָטש אַן אָרעמאַן, פינדעסטוועגן ריהט אויף אים די שכינה... דאָס איז נישט, ווי אַ „דזשאַד”ביים „קאָשציאָל” פון אַנדערע אומות העולם נאָר פון דער איידעלער יחוסדיקער ראַסע, וואָס ביי דער גאַנ־צער אָרעמקייט, איז זי שבתדיק, פּאַטריאַרכאַליש און מאַכט קידוש... איר האָט געשמאַק וואָס צו געהבן און וואָס צו דערלאַנגען פאַר אינזערע ברידער אין אַמעריקאַ... וואָס דאַרפן, אם ירצה השם, באַלט אינגיכן אויך אָנהייבן צו געהבן... אַזאַ בילדל וועקט דאָס יידישע פינטעלע... דאַדאָרך טאַקי איז עס אַזוי וואויל... און מיר וועלן עס, אם ירצה השם, דעמאָנסטרירן פאַר כל ישראל... מיר זענען פיל מיט דאַנק פאַר אייער גיטן איינפאַל”...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני, ני?..

סעקרעטעער:

„אויך די צוויי מיידלעך אין דער קאָרע איינגעהיעלט”, זענען נישט ווי ביי אַנדערע אומות העולם. ביי אַנדערע ווערן אַזעלכע פּראָסטיטוטקעס. ביי אינז, ווי עס פּאַסט פאַר ישראל, זענען זיי עהרליכע, כשרע יידישע טעכטער... און כ׳לעהבן, אינ־זער קאָמיטעט זאָל זיי געהבן נדן — אַ ביישפּיעל צו אינזער טעהטיקייט”...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני, יאָ, ני?..

סעקרעטעער:

„— און אויך די יולדות, נעבעך, די יולדות, אַך, וואָס פאַר אַ בעדינגונגען... שיקט צו איר צו אויף אינזער חשבון צוויי דאָלאַר”...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני, וואָס ווייטער?

סעקרעטעער:

— „אייער ביטע צים דירעקטאָר פין דער הויפּט קאָאָפּע־ראַטיווער באַנק, וועגן די צוואַנציק טויזנט זלאָטעס הלואה, וועל־כע אייער רעדאַקציע וועט שפּעהטער אָפּצאָהלן מיט אַנאָנסן... וועט מסתּמה זיין דערליידיקט על צד היותר טוב... און אויך די צוויי „טאַלער" פערגעסט נישט ציצישיקן דער יולדות און פּערעפּנטליכן דאָס אין אייער געערטער צייטונג...

„מיר ווינטשן אייך אריכת ימים פאַר אייער ארבעט פאַר אינזער אָרעם פאָלק, וועלכן, נעבעך, ציהילף שטייען מיר און איר, צו יעדער צייט, ווען אַנדערע פעלקער פאַלן עס אָן: פּאָ־גראָמעלעך... עקאָנאָמישע אינטערעסלעך, געבעך, און מיר דאַרפן עס צריקשטעלן אויף די פיס, אַזוי... מיט אַ „דרייוועלע" נע־בעך... בלייבט זשע איגז געזינט.

קאָמיטעט פין דער „דזשוינט קאָמפּאַני" פאַר ערטיילן הילף אַלע הילפבעדערפטיקע יידעלעך פין גאַנץ פוילין, פאַר וועלכע מיר ריען נישט בייטאָג, נישט ביינאַכט און, מיר לייגן די וועלט איין, ביז זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסלעך וועלן זיין געברענגט צו אַ בליענדן צישטאנד, פּינקט ווי מיר האָבן פיל געטיען פאַר די פּאָגראָמלעך פין אוקראַינע"...

סעקרעטעער, צינויפלייגנדיק דעם בריעף:

— ני, וואָס זאָגט איר צו דעם?

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— די ווינטשן זענען גיט. מילא, דאָס הלואהלע...

סעקרעטעער:

— נישט קשה?.. זעהט איר שוין...

רעדאַקטאָר:

— נעמט זשע דעם בריעף צי זיך... אינדערפריה, איידער איר גייט דאָ אַהער... טרעהט אָפּ דאָרט...

סעקרעטעער, לייגט דעם בריעף אין קעשענע.

רעדאַקטאָר, נעמט איין קניע צווישן ביידע הענט:

— ע, טיע, טיע, אַן אָרעם פאָלק אינזערס... אַן אָרעמס, נעבעך...

מען קלאַפּט אין די טיהר. עס קימט אַריין דער בריי־טער בערלינער דיכטער, מיטן העלן ראָק אין אויסלענדישן שניט, און שוואַרצן פּיערקעכדיקן בערדל, ציגעשוירן, ווי אַ רידל:

— גיט אָוונט.

רעדאַקטאָר:

— גיט יאָר.

בערלינער דיכטער:

— וואָס הערט זיך עפּעס נייעס?

רעדאַקטאָר:

— עט... נייעס... מען אַרבעט ווי אַן אייזל...

בערלינער דיכטער:

— פאַרוואָס אַזוי שוועהר? לאָזט וועל איך אייך אָפּיצן אַ פּעהדערל פין אַרבל... איר זעהט אויס אַזוי שלעכט...

רעדאַקטאָר עטי־פּייטי:

— מאַ, וואָס קען מען טיען!

בערלינער דיכטער:

— אָבער צי שוועהר?

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, לאָזט אָפּ די קניע, גיט יאושדיק, נאָכלעסיק אַ פּעטשל מיט דער האַנט זיך איבער די שויס...

בערלינער דיכטער:

— וואָס איר האָט גערעדט מיט מיר וועגן קולטור־טעהטיקייט?

האָב איך עפּעס אַ פּלאַן...

רעדאַקטאָר:

— זיי ווילן אייך דען לאָזן?...

בערלינער דיכטער:

— ווער?

רעדאַקטאָר:

— מען מאַכט דאָך שוין ביי אינז קולטור...

בערלינער דיכטער:

— אדרבה... העלף איך צי אין דער פּרעסע...

רעדאַקטאָר:

— אין דער פּרעסע?...

בערלינער דיכטער:

— יאָ...

רעדאַקטאָר:

— און דאָ וועט מען אייך שוין יאָ לאָזן אַריינקימען?..

בערלינער דיכטער:

— ווער, זיי, די זשורנאַליסטן?...

רעדאַקטאָר:

— הים... סינדיקאַט...

בערלינער דיכטער:

— לאָזט אייך אָפּיצן אַ פעהדערל...

רעדאַקטאָר עטי פייטי, שטעלט אים געהרן אינטער דעם עלנבויגן.

בערלינער דיכטער:

— ס'אַ קליקע, זאָגט איר... סינדיקאַט?...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— קימט נאָר דאָס ערשטע אַ דאָרך מיט זיי... מיט קול־טור־טיער אויך בישט איינרייסן...

בערלינער דיכטער:

— כ׳על נישט... גאָט בעהיט...

רעדאַקטאָר:

— און לאָזט אייך אינטערוויאָירן...

בערלינער דיכטער:

— דהיינו?...

רעדאַקטאָר:

— זאָלן זיי זיך בעקאָנען מיט אייער „לאָיאַלע״ געדאַנקען... אַזאַ „דערנעהנטערונג״...

בערלינער דיכטער:

— גערעכט...

רעדאַקטאָר:

— און דערנאָך שוין אַ רעפּערטאַזל... לטובת זיי... לאַדט זיי איין אויף אַ גלעזל טיי... מכלומרשט אויף אַ לייטש געשפּרעכל... דאָס וועט דערנאָך זיין אָנגעגעהבן אין דער פּרעסע... איז אַזוירנאָך, וועט זיך שוין אָנהויבן „פּלעכטן״... מילא, איך וועל צי העלפן פאַר יידישער קולטור...

בערלינער דיכטער:

— איז אַ גלעזל טיי?..

רעדאַקטאָר:

— שיק איך מאָרגן צי׳ן אייך נאָך אַן אינטערוויאָו...

בערלינער דיכטער:

— אַ לייטישן אינטערוויאָירער... אַ לייטיש מענטשל... ס׳זאָל זיין אַ כבוד...

רעדאַקטאָר:

— ני, ני...

בערלינער דיכטער:

— דאַנק... כ׳גיי שוין... אָפּגעשמיעסט?

רעדאַקטאָר:

— יאָ...

בערלינער דיכטער:

— אַ [illegible] נאַכט... כ׳גיי שוין...

בערלינער דיכטער שפּאַרט זיך אַרויס פון דער טיהר, פריער מיטן הינטן, מיטן פּנים צים רעדאַקטאָר, פערמאַכט זי נאָך זיך.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, שטייט אויף, צים סעקרעטעער:

— וועט איר שוין דאָס אויך דערליידיקן...

— יאָ, יאָ...

רעדאַקטאָר, גייט צי דער טיהר. אָפּ. סעקרעטעער בלייבט אַליין ביים שרייב טיש.

אָנהייב אָוונט, מיסטער בינאָקל ביי רבקהלע פיינגאָלד. זיי קימען ביידע פון דעם איינגאַנג ביי דער טיהר. זי פריער, ער נאָך — אין דער עס שטיב אַריין.

פריילין פיינגאָלד:

— וועד איז עס דער פּאָלקאָווניק אפאטייטעס?..

מיסטער בינאָקל:

— ווער, וואָס?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— היינט אין דער צייטונג... עפּעס יידישע מיידלעך גיט מען נדנ׳ען?...

מיסטער בינאָקל:

— אַ... כ׳האָב געמיינט, אַז איר האָט שוין ווידער אַ

אַ נייעם בעקאַנטן... איר האָט אים ערגעץ געזעען...

רבקהלע פיינגאָלד:

— זאָל מיך גאָט היטן, כ'האָב שוין „איינעם"...

מיסטער בינאָקל:

— ני, און וואָס נאָך שטייט אין דער צייטונג?

רבקהלע פיינגאָלד:

— די פאָטאָגראַפיעס פון די מיידלעך אין דער קאָרע... און זייער היסטאָריע האָב איך געלעהזן, אַז זיי זענען עהרליכע, כשרע מיידלעך... נאָר וועגן דעם גלעהזער ווייס איך עפּעס נישט... אַזאַ ייד לאָזט זיך פאָטאָגראַפירן אין שבת, ווען ער שטייט מיטן גלעהזעלע אין דער האַנט צו קידוש?..

מיסטער בינאָקל:

— אוי, אַ בראָך...

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס אי?.. ס'יידישקייט גייט אינטער?

מיסטער בינאָקל:

— וואָס דען מיינט איר... ס'גייט טאַקי אינטער!

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַדרבה, דאָרט איז דאָך בעשריבן, אַז עס בליהט דאָ הי אין די אָרעמע שטיבן... אָט טאַקי ביי דעם גלעהזער...

מיסטער בינאָקל:

— ני... און וואָס נאָך?...

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס כ'האָב געלעהזן? עפּעס „שכינתה בגליתיה"... „שכינתה בגליתיה"... האָב איך נישט געוויסט, האָט מיר אַ שכן אַ משומד, פאַר לאָזן מיך אַ גלעט טיען... געזאָגט, אַז דאָס שרייבט אַ פרימער ייד מיט אַ רויטער באָרד אין דער צייטונג... און אַ משומד ווייסט דאָך

אַלע יידישע דינים, האָט ער געזאָגט, אַז אין אַ מקוה איז אַריינ־געזעצט אַ פרימער ייד, כדי ווייבלעך זאָלן זיך אָנרירן אָן אים און כשר ווערן... איז אויך אין אַ צייטונג אַזאַ „שכינתה בגיליתיה" פון אַ ייד מיט אַ רויטער באָרד... אַז אַלע טמא זאַכן פון דאָרט זאָלן כשר ווערן... נאָר מיך האָט ער געהייסן לייענען „די „געהיימעניש פון האָטעל בריסטאָל", נישט „שכינתה בגיליתיה". איך וועל זאָגט ער נישט פאַרשטייען דאָס...

מיסטער בינאָקל:

— און וואָס נאָך האָסטו געלעהזן? מעהר גאָרנישט?

רבקהלע פיינגאָלד:

— ניין.

מיסטער בינאָקל, נעמט אַרויס אַ צייטונג, וויקלט אויף:

— זעה נאָר, און וואָס איז דאָס?

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַך, וועגן מיר, מייסטער, וואָס ס'איז בעשריבן? זאָל זי שרייבן, די צייטונג, איך „באַוויע" מיך נאָך דערפון... וואָס דען איז גיט, אַלע טאָג דאָס אייגענע? היינט אַ דיענסטמיידל, נעכטן אַ דיענסטמיידל, מאָרגן און איבערמאָרגן אויך דאָס איי־גענע? אַזוי, אין דער צייטונג, דערזעה איך ערשט, ווער איך בין... אַ פליערין איבער אַפריקאַנער וועלדער... דאָס איז נישט, אַבי עפעס, אַ רבקהלע, וואָס שייערט די טעפּ ביי אַ ייד ראַ־פּאַלאָוויטש אין קיך... נאָר איך פליה מיט אַ מאַיאָר אין אַן אַעראָפּלאַן, איך דערזעה מיך ערשט אין דער הייך... און וואָס אַרט עס מיך, אַז מיין וויהרטין איז אויך אַ פרינצעסין און נישט קיין קראַנקע פרוי פון אַ ייד מיט אַ קאָלטאנעוואַטע באָרד, דאָס איז דאָך אַ פערגעניגן, איך לעהז עס פּינקט ווי אַ פרעמ־דע מעשה...

מיסטער בינאָקל:

— אָבער ס'איז דאָך נישט קיין פרעמדע?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, איז דאָך טאַקי גיט... וואָס וואָלט מיר דערויס-געקימען פין זיצן אין קיך, בשעת אַזוי, פליה איך איבער וועל-דער... שיף מיך איבער ימים... אַלץ אַ מערכה די צייטונג...

מיסטער בינאָקל:

— פאָרט איר כאָטש אויף אַ הידראָפּלאַן?

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס איז דאָס?..

מיסטער בינאָקל:

— אי אַ שיף, אי אַן צעראָפּלאַן...

רבקהלע פיינגאָלד:

— כ'בין נאָך נישט אינגאַנצן געניהט, ווייל נישט איך פיהר דאָך...

מיסטער בינאָקל:

— הייסט עס, אַז ס'איז אמת: „און דער מאַיאָר האָט אַ פרעג געטיען: רבקהלע, וואָס פיהלסטי אַצינד?..״ און זי האָט געענטפערט: איך „פיהל, ווי די טראָגסט מיך אויף אַן אעראָ-פּלאַן איבער די אַפריקאַנער וועלדער״.

רבקהלע פיינגאָלד:

— אוי, פין וואַנען ווייסט איר דאָס?..

מיסטער בינאָקל:

— אַלץ פין דער צייטונג. אָט דאָ שטייט עס!.. (קליינע פּויזע)

מיסטער בינאָקל:

— און אָט שטייט שוואַרץ אויף ווייס: „און זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין מיטן פליען אויף אַ פעלד פין שלאַנגע

און עקדישן... פֿין אַלע זייטן האָבן איר געגעהבן אַ רינגל אַרים די אַלע מינים גיפטיקע בעשעפעניש, נאָר זי ציצעטראָגן... אָבער אָט, האָט דער מכשף־מאַיאָר געגעהבן אַ בליק אויף זיי און אַלע זענען געבליבן פערשטאַרטע, מיט אויסגעשטרעקטע העלזלעך צי איר, און זיך געבעהטן, אַז זי זאָל צריק דערבאַרמען דעם מאַיאָרס בליק איבער זיי, אַז זיי זאָלן כאָטש בלייבן לעהבן... זיי האָבן צי׳ן אייך אויסגעשטרעקט זייערע סאַמעטענע קעפּלעך, אַז אייער הענטל זאָל זיי אַ גלעט טיען און אַ גאַנצן וועג האָבן זיי אייך געהיהטן ווי געטרייע משרתים... און נאָך שטייט: ער האָט זיך מיט אייך געלייגט אויף אַן אויסגעפלאָכטן הימל־בעט, וואָס איז געווען אויפגעשלאָגן צווישן די ביימער־שפּיצן, און איר האָט זיך ביי אים אויסגעבאָטן אַ מיטערפערלנעם באַרג מיט אַ גלעזערנעם שלאָס... אָבער ער האָט איר געענטפערט, אַז דאָס איז ער נישט אימשטאַנד: ווייל איינער אַ גרויסער גיטער ייד און אַ פרימער, וועהמען ער האָט קיין שליטה נישט נאָכציטיען, האָט שוין אַזאַ באַרג מיט אַזאַ שלאָס געהאַט".

רבקהלע פיינגאָלד:

— אָט דאָס הייסט געלעהבט! און איך קען מיר גאָר קיין בעסערס נישט פאָרשטעלן... און איך בין טאַקי נישט רבקהלע דאָס דיענסטמיידל און דאַרף טאַקי נישט, אַז די זאָלסט קימען צי מיר אויף אַ וויזיט, ווייל באַלט נאָך דיין אַוועקגייען, קימט צי מיר דער מאַיאָר...

מיסטער בינאָקל:

— אַך, ווי די נישט געוויינטליכקייט קען פערדרייען אַ קאָפּ...

רבקהלע פיינגאָלד:

—אַודאַי די נישט געוויינטליכקייט! וואָס דען, צי שטייען

אין קיך און שייערן טעפ?

מיסטער בינאָקל:

— ני, טאָ שאַפט איר מיך שוין אָפּ אינגאַנצן?

רבקהלע פיינגאָלד:

— אינגאַנצן!

מיסטער בינאָקל:

— טאָ זאָגט זשע אייער מאַיאָר, ער זאָל אייך מיטנעמען כאָטש איינמאָל צי ווייזן אייך אייער וויהרטין אין איר אמתן געשטאַלט, די מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן, וועלכע ער ליעבט... און וועלכע וועט אַרויסטרעהטן ערשט גאָר אַלס אַקטריסע...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אָט די זעלבע?..

מיסטער בינאָקל:

— אָט די זעלבע...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני שוין, ני גיט.. וועל איך טאַקי גייען און זי זעען, מיין בעל ביתטע.

מיסטער בינאָקל:

— טאָ זאָלט איר זשע נישט פערגעסן. אַ גיטן טאָג!

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַ גיט יאָר. (בעגלייט אים אַרויס צי דער טיהר) און אַ קיש ווילסטי נישט?

מיסטער בינאָקל:

— די ווילסט דען, אַז די האָסט אַ מכשף פאַר אַ געליעבטן, וואָס קען מיט דיר מאַכן אַ פליה איבער דער גאַנצער וועלט?

רבקהלע פיינגאָלד:

— ניין, ניין, מען דאַרף טאַקי גישט... (מיסטער בינאָקל

**אָפּ. זי פערמאַכט נאָך אים די טיהר)**

באַלד ווען רבקהלע קימט צריק אין מיטן שטיב אַריין, הערט זיך אַ סערענאַדע פין אינטערן פענסטער:

אוי, פערמאַך נישט די טיהר,
אוי, פערמאַך נישט אימזיסט,
אוי דערבאַרעם דיך, וואָס די טיהסט,
ווען אַ קיש מיך נאָך עס גליסט. (פּויזע)

עס הערט זיך אַ קלאַפּן אין די טיהר. רבקהלע גייט צו עפענען. ער קימט אַריין.

**רבקהלע פיינגאָלד:**

— אוי, די ביסט שוין ווידער דאָ?

**מיסטער בינאָקל, טיהט אָן דעם מאנאקל:**

— ווער?..

**רבקהלע פיינגאָלד:**

— אַ, כ'האָב דיך נישט דערקענט...

**מיסטער בינאָקל:**

— וואָס ביסטי אויפגערעגט, רבקהלע?

**רבקהלע פיינגאָלד:**

— אַי, כ'האָב פערגעסן, אַז די דאַרפסט קימען.

**מיסטער בינאָקל:**

ס'איז דאָ ווער געווען?

**רבקהלע פיינגאָלד:**

— ניין, קיינער נישט.

**מיסטער בינאָקל:**

— גיב זשע, לאָמיך דיך קישן. (קישן זיךביידע אוי, עפּעס פיהל איך אַ ריח פין אַ פרעמדן מאַנספערשוין.

**רבקהלע פיינגאָלד:**

— ניין, דאָס איז, ווייל די קימסט ערשט אַריין פין ווינט...

מיסטער בינאָקל:

— ווינט? אַלע פרויען האָבן שוין תּרוצים אויף אַזעלכע זאַכן...

רבקהלע פײַנגאָלד, מיט אַ געלעכטערל:

— ניי, געפעל איך דיר נישט? (שטעלט אים אויף די באַק, ער טיהט איר נאָכאַמאָל אַ קיש) און איצט וויל איך טאַקי, אַז די זאָלסט מיך פיהרן אַמאָל אין טעאַטער אַריין, אַז איך געפעל דיר יאָ נישט...

מיסטער בינאָקל:

— צי וואָס אין טעאַטער אַריין... ווער זאָגט דיר דען, אַז די געפעלסט מיר נישט?

רבקהלע פײַנגאָלד:

— אַי, די ווילסט דיך שוין אַרויסדרייען...

מיסטער בינאָקל:

— איך וועל הײַנט גאָרנישט קענען זײַן אין טעאַטער...

רבקהלע פײַנגאָלד:

— ניי, וועסטי דאָך קענען זײַן ביי מיר...

מיסטער בינאָקל:

— אויך נישט...

רבקהלע פײַנגאָלד:

— ניי, וועסטי מיך לאָזן אַליין, בשעת עס שפּילט אַזאַ נייע אַקטריסע און איך האָב מיר שוין ציגעגרייט אַ קליידל?..

מיסטער בינאָקל:

— צי דער נייער אַקטריסע ווילסטי גאָר?

רבקהלע פײַנגאָלד:

— אימבעדינגט... אויב גייען איז נישט ערגעץ אַנדערש...

מיסטער בינאָקל:

— אפשר גייען ערגעץ אַנדערש?

רבקהלע פיינגאָלד:

— ניין. סיידן די ווילסט מיך נישט מער!

מיסטער בינאָקל:

— אַזוי ווערסטי מיט מיר ברוגז ווערן?

רבקהלע פיינגאָלד, ענטשיעדן:

— יאָ.

מיסטער בינאָקל, נעמט אַראָפּ דעם מאָנאָקל פון אויג־ פּויזע:

— ווייסטי וואָס, איך גיי אין גאַס אַריין, מיך צי־ גרייטן...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ווערסטי קימען נאָך מיר?

מיסטער בינאָקל:

— גרייט די דיך אויך צי. דערווייל גיי איך...

רבקהלע פיינגאָלד:

— גיט.

מיסטער בינאָקל:

— אַ גיטן טאָג, מיז איך שוין גייען, ווייל כ׳האָב שוין קיין צייט נישט.

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַ גיט יאָר. (ביידע צעקישן זיך. זי בעגלייט אים אַרויס צי דער טיהר) געדענק פּינקטליך צי זיין...

## קאַפּיטל צוועלף

פּאַר האַלבן טאָג.ביים בערלינער דיכטערס שרייבטיש אין דער עס שטיב. בערלינער דיכטער און ה׳ לאַנגנאָז דריקן זיך די הענט.

בערלינער דיכטער:

— זייט מיר וואוילקום.

הער לאַנגנאָז:

— דאַנק.

בערלינער דיכטער:

— זיצט.

ה׳ לאַנגנאָז:

— אַוודאי וועלן מיר אַ זיך טיען און, אַ ביסל אַ שמיעס טיען אויך. (זיצן ביידע אַנידער)

ה׳ לאַנגנאָז:

— ני, האָט איר עפּעס קולטור-פּלענער?

בערלינער דיכטער:

— וואָס קימט דערויס, אַז כ׳האָב, אויב איך טראָג מיר אַרים מיט זיי איינער אַליין?.. און צים רעאַליזירן זיי, דאַרף מען זיך שטעלן מיט מענטשן אין קאָנטאַקט, מיט כּלל טיער, מיט פּרעסע מענטשן... וואָרן דאָס פאָלק וואַרט...

ה׳ לאַנגנאָז:

— אָט אַזוי איז גיט... זענען מיר באַלט אויפן טראַקט...

ס׳הייסט, איר ווילט עפעס געמיינזאַמעס פערבינדן מיט קולטור־טיער און מיט פרעסע מענטשן ?.. איז וואָס לייגט איר פאָר ?..

בערלינער דיכטער:

— איך לייג פאָר די קולטור טיער מיין מיטהילף, מיין מיטווירקונג צי דעם וועג אין וועלכן זיי גייען שוין לאַנג מיט גרויס דערפאָלג... דאָס הייסט פשוט, איך לייג זיי פאָר מיין דיענסט, אָן שום ענדערונג אַפילו אויף איין האָר פין זייערע ביז איצטיקע שריט...

ה׳ לאַנגנאָז:

— פאסטולאטן הייסט עס...

בערלינער דיכטער:

— יאָ... יידיש, זאָל זיין יידיש, העברעיש, זאָל זיין העברעיש, און אויב פוילִיש, זאָל זיין פוילִיש... (קליינע פויזע) און די געביטן — אַלע !.. אַלץ, וואָס אַ יידישער כלל טיער טיהט נאָר... ליטעראַטור איז ליטעראַטור, שוהלן איז שוהלן... שוואַרצבאַרדס פּראָצעס, איז שוואַרצבאַרדס פּראָצעס... בעטייליקן זיך אין אַ פרעסע־אויסשטעלונג פין אַלע פעלקער, אַז יידן זאָלן הערן, אַז זיי גייען אויך אַריין, און וויסן טאַקי, אַז זיי האָבן דערלעבט אַ שטיקעלע נחת דאָרך אינז כלל טיער, וואָס טיען פאַר זייער דערהויבונג, און כאָטש זיי האָבן אַ פייג... מאַכן פינ־דעסטוועגן פין זיי אָדם אַ מענטש און קאָטשקעלע ריר דיך... און דער עיקר איז אויף אַלעם קלויבן געלט... אָט אויף די אַלע פעלדער בין איך גרייט מיטציאַרבעטן מיט אַלע אינזערע כלל טיער... און איך זאָג זיי צי מזל וברכה און שפע והצלחה בכל מעשי ידיהם... ווי זיי וועלן זיך נאָר קעהרן און ווענדן...

ה׳ לאַנגנאָז:

— דאַן זעה איך נישט איין קיין שום מניעה אין אייער מיטהילף, מיט וועלכער איר וועט בעגליקן די כלל טיער און

איר אַלע צוזאַמען — דאָס יידישע פאָלק.
בערלינער דיכטער:

דעסגלייכן מיט דער ליטעראַטור און פרעסע... אַ פרעסע
האָבן מיר אַ רייכע. דער אַנסאַמבל פון יעדע צייטונג — גאָר
רייך!... אַ לייט אַרטיקל וועגן כינא האָבן מיר, דאַן גייט פּאָלי-
טיק פון טשאָלענט שטאַנדפּונקט, אַזוי זעער אייגנאַרטיק, פאָלקס-
טימלעך, אַז מען דערפיהלט, כמעט, דאָס פערפעהדערטע קאפּל...
דאַן גייט „משומדים, אָדער משמדתטעס" אַ סעריע טיפן און גע-
שטאַלטן... און פליצלינג אַ בכיה אויף „שכינתה בגליתיה" פון
זעער אַ פרימיטשקען אויגנגלאָצער... אָבער עס הייבט זיך מגיה
וביא אָן דער זעער שפּאַנענדיקער ראָמאַן פון „בראנטשקעלען
מיטן פאָרוטשניק סטאַניסלאַוו"... וועלכן דער מאַן האָט געפּאַקט,
נישט חלילה, ביי דער טיהר, נאָר אין... אָבער די דאָזיקע לי-
טעראַטור ריקט זיך פאַר אייך באַלט אָפּ אין אַ ווינקל און עס
עפנט זיך פאַר אייך אַ פרימע ליטעראַטור-זייט, וואָס דרינגט
אַזוי נישט קשהדיק אַריין אין דער זאַך... מיטן נוסח פון וואָ-
לאָזשינער ישיבה... און מיטן גראָבן פינגער דרייט דידאָזיקע ליטע-
ראַטור אַרויף דעם לעהזער ביז אין זיבנטן הימל אַריין, און פער-
שפינטעוועט *) אים שוין דאָרט... און דאַן כראָניקעס, געזעלשאַפט-
ליכקייט, פאַרטייאיש און אונפאַרטייאישקייט, שטאָט-נייעס: פאַלן און
געהרגעט ווערן, קרימינאַליסטיק, פערנאַרן יינגע מיידלעך, דער „די-
סעלדאָרפער מערדער", און אַ לויב-געזאַנג דעם יידישן פאָלק, גלאַט
אַזוי, אויף וועלכן ס'איז אופן... אָט האָבן מיר אַ פאָלשטענדיקן שיי-
נעם כאָר... אַ צוזאַמענשטעל פון יאָלקע ביז הבדלה... רייך! ביי אַזאַ
רייך פערמעג פון פרעסע, וואָלטן מיר טאַקי געדאָרפן, אַז די לי-
טעראַטור, די דאָרך אויס בעלעטריסטישע און דיכטערישע, זאָל זיך
צינויפגיעסן מיט איר... דער פרעסע, פעראייניקן אין איין פראָנט,

*) פערקלאַפּט מיט אַ קאָרק.

און אַסך געווינען... האָב איך אָבער, נישט פאַר אייך געדאַכט, בעגעגנט דאָ הי אַ גרויסן פּיריד... צווישן די ביידע לאַגערן... אָנשטאָט עס זאָל זיין איין פּראָנט... איין זיעג... איין דערגריי־כונג!.. (קליינע פּויזע) ני, מילא, איך פין מיין זייט, בין גרייט. איך געהער דאָך צי דער שיינער ליטעראַטור... דער דיכטונג... ס׳הייסט, דאָס איז דאָך מיין תּמצית, מיין שורש, מיין עצם עצמים... איז דאָרך מיין אַריינטרעהטן אין אַ טעגליכער צייטונג, שוין פּערזייניקט די פּרעסע מיט דער שיינער ליטעראַטור...איך און זי, די פּרעסע... דאָס איז אַ פּרעסטיזש פאַר איר, אַ כּבוד פאַר שליעסן מיט מיר אַ שידוך... איך איר יחות, זי מיר — קעסט... איז אָבער די צרה, וואָט די זשורנאַליסטן ווילן מיך נישט אויפכאַפּן, ווי אַן אוצר, ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי אַ הדרת פּנימל, ווי אַן אתרוגל, ווי אַ מנורהלע אין זייער וועלטס־טעמפל אַריין, וואָס פּריידיקט ליכט, פּערשפּרייט אמת און פּערטרייבט שקר פין דער מענטשהייט, פאַר וועלכער עס פעהלט נאָך אויך צי מיין גרויס אמת וואָרט אויף צי מאַכן שוין אינגאַנצן אַ סוף פין שקר, אַז קיין שריד ופּליט זאָל פין אים נישט בלייבן. וואָרן ווער דען, אַז נישט איך, איז דער גרעסטער פיינט פין שקר, ווער נאָך האַסט אים אַזוי? איז עס דאָך זעלבסטפּער־שטענדליך, אַז אין דעם טאָג וואָלט די זשורנאַליסטיק געפייערט איר טריאומף, איר יום טוב, ווען זי וואָלט מיך ציגעקריגן פאַר אַ זייל... — און נאָך אַ צרה — וואָס וועלן די אַנדערע ליעדל שרייבער זאָגן, אויב נישט: אַז מיר גיט מען קעסט און זיי נישט... זיי לאָזט מען גייען אָן הויזן?.. איז דאָך ווידער אַ ויצעקו: וואָס פאַר אַ פּעראייניגונג? ווי זעבען מיר? און אַלע וועט דאָך די זשורנאַליסטיק, די פּרעסע, נישט צילאָזן, זי וועט דאָך נישט מאַכן קיין אַרמעע מיט אַ קיך, מיט אַ קעסל... איז דאָך טאַקי שלעכט... טאָ וואָס זשע זאָגט איר?

ה׳ לאַנגנאָז:

— איז טאַקי נישט גיט, קען דאָס טאַקי שטערן דאָס שליסן דעם שידוך און אייער אַריינטרעהטן...

בערלינער דיכטער:

— טאָ וואָס זשע זאָגט איר?

ה׳ לאַנגנאָז:

— איך האָב נישט קיין עצה..

בערלינער דיכטער:

— אָ... איז פאַר זיי דאָ אַן אַנדערע מעשה... אַ פּערציק טויזנט „דאָלאַרלעך" זיי ציזאָגן צי שאַפן פאַר שיינער ליטעראַטור... אַ „פאָנדל" אַזוינס... אַ „דרייוול" אַזוינס מאַכן פאַר זיי אין אַמע־ריקע... און נישט קשה... זיי וועלן גלייבן אָט די היהנערישע קעפּ־לעך... וואָרן איך קען דאָך זיי פין לאַנג... און נאָך דאַרפט איר וויסן, אַז ביי וועהמען די פיס זענען בורפיס, ביי דעם, אַז ער הערט פין אַ גראָשן, ווערט אים דער קאָפּ — שכור... אָט די שכורליכקייט... וועט זיי פערוויגן און עס וועט זיין שטיל... איך וועל אַריינטרעהטן... דער שידוך וועט געשלאָסן ווערן...

ה׳ לאַנגנאָז:

— איז טאַקי גאַנץ גיט, גאַנץ גיט... אַלזאָ דער שידוך וועט ווערן...

בערלינער דיכטער:

— פערגעסט זשע נישט די „פערציק טויזנט" דאָלאַרלעך באַלט פּאָפּולער צי מאַכן צווישן די לידל־שרייבער... מיט די היהנערישע קעפּלעך, מיט די שכורדיקע־פיקערדיקע גע־דאַנקלעך... וואָרן, אַז נישט, איז די פעראייניגונג פין פראָנט אויף דער גאַנצער ליניע נישט פעראייניקט... סטראַטעגיש...

ה׳ לאַנגנאָז:

— סטראַטעגיש... אַ רעפעראַט דאַרפט איר אויך צוגרייטן.

דאָס איז ווי אַ דרשה פֿון אַ חתן, דאַרף וואָס ער קויפֿט זיך איין אין דער כּלהס צד אַריין... במה נפשך, נעמט מען אייך אַריין אַלס צאַצקע... ווילן דאָך די „מחתנים" ווייזן דער עפֿנטליכ־קייט, מיט וועהמען זיי זענען זיך משדך... זיי קעסט — איר אַ בלאַט גמרא... עפּעס אַזוי „אַ אידעאַלעכל" אַ פֿיינס... עפּעס אַזאַ ציגעשניצטס... אַזאַ אגיל ואשמחדיקס... ני, מען דאַרף דאָך אייך נישט לערנען...

בערלינער דיכטער:

—כ'וועל שוין אַלץ מאַכן... זעהט נאָר די „פּערציק טויזנט" דאָלאַרלעך אויך פּאָפּולעער צו מאַכן צווישן די היגערישע קעפּ־לעך... און זאָל זיי זיך וויעגן נאָר איין געדאַנקל אין מוחל וועגן דעם, אַז באַלד וועט מען זיי שיטן גרויסע גאָרשטשעס פּראָסע, אַ סך פּראָסע... זיי וועלן זיך באָדן אין איר...

ה' לאַנגנאָז:

— גאַנץ גוט. אַ גוטן טאָג. (ביידע געזעגענען זיך האַרציק)

בערלינער דיכטער, בעגלייט ה' לאַנגנאָזן צו דער טיהר:

— אַ גוטן טאָג, גייט און זייט מצליח. (ה' לאַנגנאָז אָפּ. בערלינער דיכטער צריקגייענדיק) אַ רעפּעראַט, אַ רעפּעראַט... (רייבט זיך די הענט) עס וועט שוין אַלץ ווערן...

# קאַפּיטעל דרייצן

מיסטער בינאַקל מיט רבקהלע פיינגאָלד אין טעאַטר. ער־אין אַ סמאָקינג, זי אויך יום טובדיק אויסגעפּיצט. ס׳טעאַטר איז נאָך ליידיק. אויף דער סטעטשקע צווישן די שטיהלן פיהרןביידע אַ געשפּרעך.

רבקהלע פיינגאָלד, ווייזנדיק אויף אַ געמעהל אויף דער־וואַנט:

— ווער איז דער?

מיסטער בינאָקל:

— דער האָט פערכשופט די וועלט מיט זיין שפּיעלן.

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס איז ער געווען, אַ מכשף?

מיסטער בינאָקל:

— נאָך ערגער... דער גרעסטער פין אַלע מכשפים.

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס זענען אים די האָר אַזוי צעשויבערט?

מיסטער בינאָקל:

— אָט די אַלע לייט זענען אַזוי.

רבקהלע פיינגאָלד, מיט אַ געלעכטערל:

— עפּעס אַ וועלט פין בלויז מכשפים. (שמייכלענדיק) די־קענסט דיך מיט אַלע?..

מיסטער בינאָקל, טיהט אָן דעם מאַנאָקל אויף איין ברעהם, טיהט אויף איר אַ קיק.

רבקהלע פיינגאָלד, מיט דעם זעלבן געלעכטערל:

— איך זעה שוין, אַז די קענסט זיי...

מיסטער בינאָקל:

— וואָס ווילסטו, אַז איך זאָל שטאַרבן?

רבקהלע פיינגאָלד:

— פאַרוואָס?

מיסטער בינאָקל:

— יענע זענען שוין לאַנג טויט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— טאָ נעם זשע אַראָפּ דעם מאנאקל. איבער דעם מיין איך, אַז די קענסט אַלע... און גיב מיר אַ קיש.

מיסטער בינאָקל, נעמט אַראָפּ דעם מאנאקל און גיט איר אַ קיש.

רבקהלע פיינגאָלד:

— און ווער איז דער?..

מיסטער בינאָקל:

— וואַגנער...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אויך?

מיסטער בינאָקל:

— יאָ...

רבקהלע פיינגאָלד:

— מיזטי מיך שוין אַרימנעמען און געהבן נאָכאַמאָל אַ קיש, וואָרן כ'האָב שוין מורא אַליין צו זיין צווישן די ווענט פון בלויז מכשפים.

מיסטער בינאָקל נעמט זי אַרים און גיט איר אַ קיש.

רבקהלע הייבט אויף דעם קאָפּ:

— טיה נאָר צריק אָן דעם מאָנאָקל...

מיסטער בינאָקל:

— נאָכוואָס?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— איך וויל זעען, צי די ביסט נישט ענלעך צו זיי... אָדער, צי איינעם פון זיי?..

מיסטער בינאָקל:

— די ליעבסט מיך נישט?

רבקהלע פיינגאָלד:

— פאַרוואָס?..

מיסטער בינאָקל:

— וואָס זשע דען לאָכסטי?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— איך גיי דיך אויספּריוון...

מיסטער בינאָקל:

— די ווייסט נאָך נישט ווער איך בין?

רבקהלע פיינגאָלד:

— עפּעס נישט אינגאַנצן קלאָר...

מיסטער בינאָקל:

— דהיינו?

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַמאָל ביסטי דער... און אַמאָל ביסטי דער... און עפּעס אַלעמאָל דער זעלבער... (טיהט אַ לאַך אַרויס)

מיסטער בינאָקל:

— די ווילסט מיך הייגט, זעה איך, פערשעהמען צווישן מענטשן.

רבקהלע פיינגאָלד:

— שוין, מעער שוין נישט... (טיהט זיך אַ וויש איבערן מויל) און ווער איז די מיט דער „שאַטקאָוויצע" פון קרויט ביי

דער קניע... און איין פיס אַ בורפיסן פין אינטערן קלייד?..

מיסטער בינאַקל:

— דאָס איז נישט קיין „שאַטקאָווניצע”, נאָר אַ האַרפּע, און די מיטן בורפיסן פיס — די „מוזע”.

רבקהלע פיינגאָלד:

— זי איז אַ שיינע... נאָר זי האָט פליגל אויף די פּלייצעס... און זי איז אויך אַ כּשופמאַכערין?

מיסטער בינאַקל, קיקט זי אָן.

רבקהלע פיינגאָלד:

— צי וואָס זשע דען האָט זי פליגל?..

מיסטער בינאַקל:

— איר האָט פיינט פליגל?

רבקהלע פיינגאָלד:

— ניין. נאָר זי קען נאָך לאָזן אין מיטן קישן... מען קען זיך דען נישט בעגניגענען בלויז מיטן בעט?..

מיסטער בינאַקל:

— רבקהלע, עפּעס רעדסטי היינט ווי איינע, וואָס פיהלט זיך אין די הויכע חדשים... איז שוועהר, האָט מורא פאַר פליען, און עס ציהט זי צים בעט.

רבקהלע פיינגאָלד, שמייכלט:

— פין וואַנען ווייסט איר, אַז נישט...

מיסטער בינאַקל:

— שוין טאַקי דען יאָ?..

רבקהלע פיינגאָלד, שמייכלט:

— נאָר וואָס דען מיינסטי, ס'איז שוין דען נישט צייט?..

מיסטער בינאַקל:

— ע, איך גלייב עס נישט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, אַ שטיקעלע סימן האָב איך שוין, נאָר קליגע מענטשן גלייבן נישט, איידער זיי זעען...

מיסטער בינאָקל:

— ניין, רבקהלע, זאָג מיר דעם אמת?

רבקהלע פיינגאָלד:

— יעדנפאַלס, אין אַ זיבן חדשים אָרים וועט געבוירן ווערן אַ קליין מכשפל.

מיסטער בינאָקל:

ע, איך גלייב עס נישט... עס זעהט זיך טאַקי נישט... מען דערקענט גאָרנישט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, וועלן מיר שוין צי גלייבן קימען... נישט קשה, ס'ברענט דאָך נישט.

מיסטער בינאָקל:

— ווייסטי וואָס, מיר וועלן באַלד אויספּריוון.

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס, איר ווילט מיר אויסמעסטן די טאַליע? איר קענט גלייבן.

מיסטער בינאָקל:

—ע, איר זענט קיין מבין נישט. וואָס זענט איר דען געניהט אין דעם?

רבקהלע פיינגאָלד:

— מיט וואָס זשע דען גייט איר אויספּריוון?

מיסטער בינאָקל:

— אָט, באַלד וועט מען אָנהייבן צי רידערן אינטער דער אַראָפּגעלאָזטער סצענע-קורטינע, אויב די וועסט דיך נישט דער-שרעקן און אויסהאַלטן, איז אַ סימן, אַז ס'איז גאָרנישט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ניי, איך בין גרייט.

עס פאַלט אַ קלאַפּ פון אינטער דער קורטינע, רבקהלע דער־שרעקט זיך נישט, שטייט גלייך, בלויז נאָר מיטן בליק ווענדט זי אַהין איר אויפמערקזאַמקייט.

מיסטער בינאָקל:

— ניי, זעהסט שוין, האָסט אפילו קיין צאַפּל נישט געטיען.

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס, ניין זאָגט איר?...

מיסטער בינאָקל:

— ס'איז גאָרנישט... אוודאי נישט...

רבקהלע פיינגאָלד, גיט פליצלינג אַ צאַפּל־אויף, די קור־טינע האָט זיך אַ פעלבל געטיען:

— אוי, מייז...

מיסטער בינאָקל:

— מייז?...

רבקהלע פיינגאָלד:

— יאָ, מייז...

מיסטער בינאָקל:

— זעהסטו, דאָס איז קיין סימן נישט ביים דערשרעקן זיך פון ווייבער... ווענן מייז זאָל זיי גאָט אָפּהיטן, אַפּילו נישט טראָגענדיקערהייט...

רבקהלע פיינגאָלד, אין פערלעגנהייט, נאָך אַ קליינע ווײַלע:

— פון וואָס קימט דאָס, וואָס ביי פרויען איז אַזוי?...

מיסטער בינאָקל:

— פון דער קאָנסטרוקציע זייערער...ווען זיי דערזעען אַ מויז, איז ביי זיי אימפּערמיידליך דאָס טראַכטן, אַז זי זיכט אַ שפּאַרע...

רבקהלע פיינגאָלד:

— זאָגט איר, אַז ס'איז גאָרנישט, מיין דערשרעקן זיך?...

מיסטער בינאָקל:

— געוויס גאָרנישט.

רבקהלע פיינגאָלד:

— עס וואָלט נישט אויסגעמאַכט, אַז יאָ, נאָר אַז נישט, איז אויך גוט. אָבער עפּעס אַנדערש וויל איך בעהטן.

מיסטער בינאָקל:

— נו.

רבקהלע פיינגאָלד:

— הערט: דעם אָוונט דאַרף דאָ זיין אַ פּרינצעסין, איך האָב געוואָלט זעען, ווי אַ פּרינצעסין זעהט אויס... האָב איך אָבער מורא, אַטאָמער וועט זי זיין פערשטעלט... אָדער וועט אויסזעען געקליידט פּינקט ווי אַנדערע דאַמען, זאָלסטו מיר אָנ-ווייזן ווער זי איז...

מיסטער בינאָקל:

— גוט...

עס קומען אַריין דער זשורנאַליסט, שרייבער אָפּאָטייטעס, פאָטאָגראַפיסט, פּאָרליכוויז געאַרעמט, יעדער מיט איינער פון דער מיטער מיט די צוויי טעכטער. מיסטער בינאָקל לייגט אַרויף דעם מאנאקל אויף אַן אויג, קוקט אויף זיי האפערדיק פון דער ווייטנס, ביז יענע פערנעמען פּלעצער אויף דער ערש-טער רייע שטיהלן.

עס עפענען זיך ברייט די טיהרן, פּובליקום קומט.

מיסטער בינאָקל לייגט דעם מאנאקל אין קעשענע, נעמט רבקהלען אינטערן אָרעם און ביידע פערנעמען פּלעצער, אויך אויף דער ערשטער רייע, נאָר אויף דער צווייטער זייט סטעטש-קע, ווייטלעך פון יענע ערשטע אַנידערגעזעסענע.

עס הייבט אָן אַריינצידרינגען אַ גרעסערער מאָסן-עולם און בעזעצן די פּלעצער. ווען דער מיטלסטער זשיראַנדל פֿין סופיט צינד אָן אַלע זיינע פייערן פּליצלינג, איז שוין דאָס גאַנצע טעאַטער פיל בעזעצט. עס דערהערט זיך אַ קלינג פֿין אינטער דער פערהאַנגענער סצענע און עס עפנט זיך די פויער-האַנג.

אויף דער סצענע, גלייך ווי אַ ווירע, שטייט אַ בלאַסע, נאָר זעער שיינע, שלאַנקע, מיט זעער שיינע שוואַרצע אויגן, ווי געשליפענע שטיינער, די מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן.

אין די הינטערשטע רייען קרעכצן אונריאַיק די שטיהלן, בעגלייט מיטן פּובליקומס רוישן:

— ש... ש... ש...

די מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן, מיט געזאַנג:

איך קים פֿין אַפריקאַ,
פֿין די טיעפע וועלדער,
אָ, האָ! ווי עס ברימט
דעם לייבס געפילדער...

אָ, האָ! פֿין די לעכער
צעשפרייט זיך דאָס קול,
אַלץ העכער און העכער,
איבער בערג און טאָל!

אין די טיעפע טאָלן,
אויף די הויכע בערגער,
קלאַפּן ווי שטאָלן,
אַלץ ווילדער און ווילדער,

לייבן מיט די עקן,
טיגרן מיט די באַקן,
עס שטאָרמען וועלדער,
ביימער צעקנאַקן!
אָ, האָ!!!

(פאַלט אין אונמאַכט)

אַ בעוועגונג צווישן פּובליקום:

— מיס כאַשאַ! שטיי אויף!...

(עס ציהט זיך צו די פאָרהאַנג)

דאָס פּובליקום:

— ביס! ביס! . . . . . . . . . .

עס דויערט אַ מינוט.

יוען די פאָרהאַנג עפנט זיך נאָכאַמאָל, שטייט מיסטער בינאָקל אויף דער סצענע, מיט אַ גרויסן קראַנץ קיינן מיכיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן.

מיסטער בינאָקל:

— דאָס איז די מיסיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן, די וועלט בעריהמטע שוינהייט, וואָס האָט ערשט פערלוירן איין בריליאַנט פאַר זעקס מאָל הינדערט טויזנט...

פּובליקום:

— בראַוואָ!

(פאָרהאַנג ציהט זיך צו, אַ דינער אַפּלאָדיסמענטן)

ווען עס עפנט זיך ווידער די סצענע, שטייט דער זשור־נאַליסט איינער אַליין מיט אַ קליינעם בוקעט בלימען אין דער האַנט. —

**זשורנאליסט:**

— געערטע דאַמען און הערן! איר האָט געזעען? זי האָט געחלשט... אין הינדערט יאָר טרעפט אַ קינסטלער אַזאַ זכיה... און דאָס איז נישט געווען מחמת אינזער טעאַטער האָט שוין אַ טראַדיציע צי חלשן... ניין. יעדער האָט געזעען אינזערע סובּרעטינס חלשן און דאָס פין איצט... דאַדאָרך זאָג איך, אַז דאָס איצט איז אַ גרויסע דערגרייכונג... דאָס ליעד — נאָך אַ טייערער שטיין אין דער קרוין פין אינזער טראַדיציאָנעלער טעאַטער פּאָעזי... אָבּער יענע איז נישט אַזוי הויך אין איר טראַגיזם. צים בּיישפּיל, דער אַרטיסט שרייט אויס אויף דער סצענע: „איך, דער גרויסוויזיר, בּעפעהל דיר, אַז די, יידישע שוינהייט, זאָלסט מיר שענקען דיין ערשטן ליבּעס-בּעקטאָר, וועלכן איך מעכטע זויפן פין פילן בּעכער... זאָגסט שטירצע איך דען קאָפּ פין דיינעם אַלטן פאטער אַריינטער... און דיך פערשפּער איך אין קערקער"... — זעהט מען כאָטש דאָרט אַ טראַגיזם פין קאַמף... דאָ, איצט, איז נישט אַזעלכער... דאָ איז דער טראַגיזם פין איינזאַמקייט: — די אַפריקאַנער וועלדער: דער בּרים פין לייבּ: דאָס געשריי פין טיגער: דאָס קנאַקן און פאַלן פין ביימער... דאָס אַלץ ווייזט אויף דעם פאָרשריט, וואָס אינזער טעאַטער-קופּלעט-פּאָעזי מאַכט...

נאָך, מיינע פריינט און פריינדינס, עס פיהרט זיך דאָך נישט, אַז די אָפּשאַצונג פין דער קריטיק זאָל פאָרקומען בּאַלט אויפן אָרט ווי דער אַרטיסט טרעהט אַרויס און בּאַלט אין זעלבּן מאָמענט... דערויף איז דאָך דאָ אַ פּרעסע... נאָר פערהאַנען ווייַן און ווייַן... ווייַן, וואָס מען דאַרף אים לאָזן שטייען, ער זאָל ווערן גיט, און ווייַן — וואָס שוין... ר'איז שוין גיט... די גיטע מבינים טיען אַ זיפּעלע... און נאָך אַ זיפּעלע... דאָס טיהט די קריטיק... נאָך אַ נעפּעלע-אָן מיט די ליפּן, און נאָך אַ גע-

פּעלע-אָן... דערנאָך גייט אַ שמעק מיטן נעזעלע, און נאָך אַ שמעק... און גאָר דערנאָך: ערשט דאָס דראָבניטשקע צעמאַמ-ליען מיט די צייהנדלעך דאָס טראָפּנדל וויין... פּינקט ווי מען וואָלט אים געקייעט און אַ הנאה געהאַט פין אים... און גאָר צילעצט קימט דאָס ציפּלעטשן מיט די ליפּעלעך... פּינקט ווי מען וואָלט געוואָלט אַרויסבעקימען פין דעם אַלע מעדנים... און גאָר-גאָר צים לעצט — ענדליך צים לעצט: דאָס בלייבן זיצן רואיק, שוין מיט אַן אויסגעלייכט פּנים, דערויף אַ מינעלע פין ישוב הדעת... ווי דאָס פּראָבלעם איז שוין געלעזט... דאָס טיהט די געוויינליך אָנגענימענע קריטיק... די גיטע, די „מבינותדיקע", אָט דאָ טיהט זי!.. פערהאַנען אָבער נאָך אַ מין קריטיק: וואָס קען זיך נישט דערלויבן אייגציהאַלטן דעם אַנאַליטישן געדאַנ-קען שטראָם... אָט דאָס זענען מיר... ס'הייסט איך געהער צי דעם מין קריטיקער... פין בעגייסטערונג, האַלט איך מיך שוין נישט איין... וויפיל הימלישן נעקטאַר האָט אינז דאָ די מיס כאַשאַ כאַשיש געגעהבן צי טרינקען... אָט דאָ ליגט דער אינ-טערשיעד אין חלשן פין אינזערס אַ סוברעטין, ביז איר... בשעת ביי אַנדערע איז דער טראַגיזם דאָרך אַ קאָנפליקט... ביי איר איז טראַגיזם גאָר אָן אַ קאָנפליקט!... בשעת ביי אַנדערע איז דער טראַגיזם אַ מענשליכער, ביי איר אַן אינדיווידועלער... בשעת ביי אַנדערע קען זיין דער טראַגיזם אַן אויסגעמיטענער, ווען זי זאָל נאָר וועלן דעם גרויסוויזיר נאָכגעהבן — דהיינו: נאַ דיר... ני, מילא, שוין, ני... וועט זי נישט רעהטן די „עהרע אירעס פאָלקעס"... און אויך בעדעקן מיט אַ ביסל שאַנד דעם קאָפּ „דען אַלטן פאַטערס"... אָבער אַ סוף צי דער טראַגעדיע!.. איז דאָ, ביי מיסיס כאַשאַ כאַשיש, דער טראַגיזם אַן אינדיווי-דועלער... וואָרן, וואָס וועט זי טיען, בשעת ביימער פאַלן?.. צי וועט זי דעם בוים אויך איבערקויפן מיט דעם זעלבן, וואָס

דעם גרויסוויזיר ?.. און די קריטיק, דאַרפט איר וויסן, אָנערקענט, פֿין ששת ימי בראשית אָן, נאָר דעם אונפֿערמיידליכן טראַגיזם. און דערפֿאָרך, ווען זי חלושט, זאָגן מיר אַלע: זי מיז חלשן... זי דאַרף חלשן... און זאָל זי טאַקי חלשן...

און נאָך: בשעת זי שרייט אויס: „בערגער און טאָלן״, בעקימען מיר אויך די פּלאַסטיק, וואָס איז אַזוי בייטיק אין אינזער טעאַטער. אינזערע אַ פּרימאַדאָנע, ווי גרויס די בריסטן, האָט איר פֿינדעסטוועגן נישט קיין פֿאָרשטעלונג וועגן בערגער... ווי גראָב דער בויך און די פֿיס, פֿינדעסטוועגן, נישטאָ די פֿאָרשטעלונג וועגן די אמתע טאָלן... און דאָ — דאַרך אַ וואָרט, דאָרך אַ כשוף, ווערט עס בעשאַפֿן. „בערגער״—און עס שפּרייט זיך פֿאַר אייך אויס די פּערספּעקטיוו, עס שטאַרן פֿאַר אייך ארויס די שפּיצן... „טאָלן״— און איר זעהט די ווייטקייטן... אָט, אָט, ליגט אַלץ ווי אויף דער האַנט, דעקאָראַטיוו... היינט זשע די פֿאַנטאַזיע! אינזער יידישע ליטעראַטור-קריטיק וואָלט זי זיך גע-ווינטשן ... וואָלט זי פֿערשפּאָרט צי געהבן אַ ביסל געהלן דרישטש...

גאָט, מיין גאָט! וואָס פֿאַר אַ „קלאַפּן ווי שטאָלן״, וואָס עס פֿעהלט שטאַרק היינט אין אינזער טעאַטער-רעפּערטואַר... מיר האָבן דאָס נישט... דאַדאָרך, ריפֿט זי אַרויס איצטער, מיין גע-עהרט טעאַטער-פּובליקום. וואָרן איך שפּיר, אַז איך דאַרף זי האָבן, איר מיין פֿערגעטערונג אויסצודריקן.

פּובליקום:

— מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן, קים אַריין!

מיס כאַשאַ קימט אַריין, זשורנאַליסט שטייט שוין קייגן איר אויף די קניע, אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. זי גייט מאַיעסטע-טיש צי, בעמט פֿין אים דעם בוקעט. זשורנאַליסט רירט זיך אָבער ווייטער נישט, נאָר בלייבט אין דער זעלבער פּאָזע, ווי

ער וואָלט געוואַרט אויף נאָך עפּעס. זי נידערט איר האַנט מאַ־יעסטעטיש, גיט אים אַ גלעט איבערן קאָפּ. דעמאָלט שטייט ער אויף מיט אַ נייג קייגן איר.

זשורנאַליסט:

— אין מיין לעבן וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן די איינדריקן, וואָס עס האָט מיר געגעבן איבערצילעבן אייער געטליכע קונסט!

פּובליקום:

— בראַוואָ! (מיס כאַשאַ כאַשיש אָפּ)

זשורנאַליסט:

— זי איז דער סימבאָל פון די שניי ווייסע ציגעלעך (שעפּסעלעך), וואָס פיטערן זיך אויפן באַרג חרמון. גלייכן זי צום מגדל דוד, איז צו ווייניק. אירע פיס זענען נישט קיין פיס פון אינזערע סובּרעטינס. איר האַלז נישט קיין האַלז פון אינזערער אַ פּרימאַדאָנע. און קייגן אירע בריסטן זענען טויבן צו קליין...

זי איז אָבער ווי יענס בת קול, וואָס גייט יעדן טאָג אויף פון באַרג חורב, טראָגט טרייסט צו די פאַרשפּרייטע אין גלות לענדער, און מיר זעען זי ביי אינז אויך. אָ, ווי גרויס איז דאָס ליכט, וואָס זי טראָגט צו די מאַסן...

מאַסן:

מיס כאַשאַ!!!

מיס כאַשאַ קימט אַרויס.

זשורנאַליסט:

— מיר האָבן נישט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי נאָר צו פאַרגעטערן דיך. זאָל דאָס אָרעמע בוקעטל בלימען, וואָס עס האָבן דיר פריער דערלאַנגט די אָרעמע מאַסן דאָרך מיין האַנט... זיין איר אויסדריק. כאָטש אָרעם, אָבער ווי שמעקן שמעקט דאָס.

(מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן, פערנייגט זיך פאַרן פובלי־קום, אָפּ)

זשורנאַליסט:

— אָבער צי אינזער גרויסן בעדויערן, אַ מערקווירדיקער פאַל איז דאָ פאָרגעקימען מיט אינזער אַרטיסטין. ווי נאָר זי האָט דעם פּיס אַראָפּגעשטעלט אין אינזער שטאָט, אַזוי האָט מען זי בעגנבעט, אָן איידלשטיין פאַר זעקס מאָל הינדערט טויזנט...

(די מאַסע גיט אַ קרעכץ)

אָבער דאָס מאַכט נישט אויס. אינזער גרויסע קינסטלערין וועט פערשטייען, אַז אין יעדער אָרנטליכער געזעלשאַפט געפינען זיך אויך אימפּעראַנטוואָרטליכע מענטשן.

אַ מעשה דערצי קען איך אייך ברענגען פין לוט'ן מיט זיינע צוויי טעכטער. נאָך ער האָט זיך געזעען געצווינגען צי מיזן אַרויסגעהבן פאַר די וואָס האָבן אַרימגערינגעלט זיין הויז — זיינע צוויי טעכטער. „נאַט אייך — האָט ער געזאָגט צי זיי — מיינע צוויי טעכטער, וואָס זיי האָבן נאָך פין קיין מאַן נישט געוויסט... און טיהט אייך מיט זיי, וואָס עס געפעלט וואויל אין אייערע אויגן. נאַט אייך זיי, מיינע צוויי טעכטער...

אַזוי, וואַרשיינליך, האָבן די אימפּעראַנטוואָרטליכע, וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט צי דער אַרטיסטין, אויך געמיינט... נאָר זיי האָבן זי נישט געטראָפן אין דער היים, און זיי האָבן צי־גענימען דעם שטיין...

דער עולם, קראַצט זיך:

— גיט אינז מיס כאַשאַן כאַשיש... ש... ש... ש... ש... ש... ש...

זשורנאַליסט, צים פובליקום:

ש... ש... ש... שא!

(מיס כאַשאַ כאַשיש קימט אַרויס. לענגערע פויזע. איך טעאַטער און אויף דער סצענע שטיל. אָנגעצויגענע שטימונג)

זשורנאַליסט, צים פובליקום:

— נאָך אַלעם פערגעסט גישט, אַז ס׳איז היינט א גרויסער קולטור־יום־טוב! (פערנייגט זיך, פויערהאַנג פערמאַכט זיך)

ווען די פויערהאַנג עפנט זיך נאָכאַמאָל שטייט שרייבער אפּאַטייטעס:

— די געעהרטע טויזנטער פּריינט פין דער יידישער קולטור ווע̄לן מיר פערגעהבן אויף מיין נישט באַלטיקן און נאַר ציפעליקן ווייזן זיך דאָ, כאָטש געדאַרפן האָב איך זיין דער ערשטער... ציפעליק בין איך היינט געקימען דאָ אַהעהר נישט אַפּיציעל... און במילא האָב איך מיך נישט געגרייט צים אויפטרעהטן... אָבער, ווען איך האָב דערזעען דעם אַרויסטריט פין מיס כאַשאַ כאַשיש פערוואַנדלט אין אַ גרויסן קולטור יום טוב, וואָס ווערט אויפגענימען פין טויזנטער מאַסן, האָט מיין האַרץ אָנגעהויבן קלאַפּן מעכטיק... וואָרן, ווי קען דאָס זיין, אַז ביי אַ טויזנט קעפּיקן עולם זאָל איך מיך גאָרנישט ווייזן?... אדרבה, געוויס... מיר דאַרפן זיך פרייען אַלע אינאיינעם, איך מיטן עולם און דער עולם מיט... אינז אַלע... אָט, קיקט מיך אָן, רבותי!... איר זעהט?... דאַדאָרך זאָג איך, אַז דער גאַנצער עולם דאַרף זיך פרייען מיט אַלע, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אינזער גרויסע קולטור, ווי: מוזיק און ליטעראַטור... אָבער פאַרוואָס, איך האָב פערזוימט צי ווייזן זיך פריער, בשעת דער עולם קיקט מיך שוין לאַנג אויס?... געוויסע עהרן פליכטן

וווייזט אַראָפּ אויף די ערשטע רייע, ווי עס זיצן די מיטער מיט די צוויי טעכטער) צי דאַמען... קענען נישט דערלויבן צו שטעלן זיך אין דיענסט, מעגן עס זיין אַפילו, קולטור לייסטונגען... איך האָב רעכט געהאַט דעם געעהרטן פּובליקום צו ווייזן זיך שפּעהטער, כאָטש ס׳האָט מיך געגאַרט צו זעען צום ערשטן... אויך מיך פריידט צו זעען זיך מיט אייך, מיינע פערעהרער... פּנים אל פּנים... אויג אויף אויג... אָט אַזוי ווי אַצינט... איך קעגן אייך... און איר קעגן מיר... אויף אַזאַ אַרט, מיינע דאַמען און הערן, ווערט דער היינטיקער אויפטריט פערוואַנדלט אין א גרויסן קולטור יום טוב פון ליטעראַטור און מוזיק... איך דאַנק דעם גרויסן און איידעלען בעזיכער־עולם פון אינזער גרויסן קולטור־יום־טוב, און וועל אייביק געדענקען דעם כבוד, וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן פון אייך די היינטיקע נאַכט...

(פערנייגט זיך)

פּובליקום:

— בראַוואָ!...

(שרייבער אַפּאַטייטעס פערנייגט זיך נאָך עטלעכע מאָל. צאַפּ)

מיסטער בינאָקל, טרעהט אויף:

— אַ כשוף האָט אַ בלאָז געטיען איבערן גאַנצן לאַנד, ווען מיר האָבן דערהערט די בשורה, אַז אינזער גרויסע מייסטערין קימט צו אינז, פון איר רייזע איבער די אַפריקאַנער וועלדער, האָט זי בעוויליקט צו אינז צו קימען... און אַזוי האָט די בשורה אינז אַלע בעצויבערט! און ווען די גרויסע קינסטלערין האָט איר ליכטיק געשטאַלט בעוויזן איבער די גאַסן פון דער שטאָט, אַזוי האָט זיך די שטאָט גלייך דערפיהלט אינטער איר היפּנאָז. היינט דרייען מיר זיך אַלע אַרים אינטער איר ווירקונג, וואָס איז אויף אינז געפאַלן ווי אַ פּסיכאָז. אָ, די גרויסע, געטליכע קינסטלערין!

פּובליקום:

— מיס כאַשאַ!... (מיס כאַשאַ קימט אַרויס)

מיסטער בינאָקל:

— די גרויסער צויבער! ווער קען אָפּשאַצן די גרויסקייט און שטאַרקייט פֿין דער קונסט, ווען זי הייבט אָן צי ווירקן! (פאַלט אויף די קניען) דעריבער אַפּעליר איך צי דיר, גרויסע מייסטערין: דערהייב אינז אַלע צי דיר אַרויף, אינז גראָע מענטשעלעך, אַז מיר זאָלן זוכה זיין צי דערגרייכן דיינע קנעכלען. (פאַלט־צי מיטן שטערן צי דער פּאָדלאָגע. אַקליינע ווײַלע שטיל. ווען דער עולם קימט צי זיך, הייבט ער אָן צי יובלען. מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן פערבייגט זיך ווירדיק. פֿויערהאַנג פאַלט שנעל)

אין גאַרדעראָב אינטער די קוליסן.

מיסטער בינאָקל און פריילין רבקהלע פיינגאָלד אין עק ביי דער טיהר, אַרויפצי, ביי אַ טישל און אַ קליין שפיגעלע, טיהט זיך איבער מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן.

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס האָסטי היינט עפּעס גערעדט אַזוינס, וואָס איך האָב נישט פערשטאַנען איין וואָרט. איך וועל אָבער קוים גלייבן, אַז די איז מיין בעל ביתטע, און אַז זי קימט ערשט פין אַפריקאַ.

מיס כאַשאַ כאַשיוו שושאַן:

— וואָס זאָגט דיזעס פרוילין, דאָס איך נישט אויס אַפריקאַ קאָם?

מיסטער בינאָקל, טיהט אָן דעם מאָנאָקל, גיט אַ קיק אויף רבקהלען, ענטפערט מיס כאַשאַן:

— ע, ניין!

רבקהלע פיינגאָלד:

— עס וואָלט געווען שיין, ווען זי זאָל טאַקי יאָ זיין מיין בעל ביתטע און מאַכט ערשט אַן אָנשטעל: „וואָס זאָגט דיזעס פרוילין״? גלייך זי דערקענט מיך גאָרנישט. און אויך, ווען די מאַכסט אַזאַ אָנשטעל, אַז זי איז די אַפריקאַנער פרינצעסין און נישט מיין בעל ביתטע. (גיט אים אַ לייכטן שמייכל) די בלייבסט שוין דאָ, אמת? ס׳איז בעסער די בעלביתטע, איידער דאָס דיענסטמיידל. ובפרט נאָך אַ שיינהייט, אַ פרינצעסין, נאָר וואָס מאַכט זיך פאַרן מאַן פאַר אַ קראַנק ווייב...

מיסטער בינאָקל:

— נישט דאָ, נישט דאָ איז ס׳אָרט פין שמיעסן...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ווערסט נאָך היינט זיין ביי מיר? (לאַכט) מסתמא שוין נישט...

מיסטער בינאָקל, לאַכט:

— כ׳האָב היינט אַ סך צי דערליידיקן...

מיסיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— ווער איז דיזעס מיידל?

רבקהלע פיינגאָלד, שמייכלט:

— זי דערקענט מיך גאָרנישט, כאָטש נישט איך בין פער-שטעלט...

מיסטער בינאָקל:

— שאַ... (צי כאַשאַ כאַשיש שושאַן) מיינע אַ בעקאַנטע...

רבקהלע פיינגאָלד:

— זי קען מיך נישט. יאַ, בעקאַנטע. (צי בינאָקלען, לאַכנ-

דיק) אַ גיטע נאַכט. (נאָך לאַכנדיק) מעגסט שוין אויסטיען דעם מאנאקל...

מיסטער בינאָקל:

— פאַרוואָס?

רבקהלע פיינגאָלד:

— ווייל מען ווייסט שוין אַזוי אויך, אַז די ביסט אַ מכשף... אַ גיטע נאַכט, מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן...

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן, שטייט אויף פון איר פרי־זור מאַכן:

— גיט נאַכט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— גיט נאַכט. (ריקט זיך, שמייכלענדיק, מיטן פנים צי די אינערווייניקסטע, אַרויס פון דער טיהר. אָפּ)

מיסיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— איין היפשעס מעהדל.

מיסטער בינאָקל:

— אָ, יאַ, איין גאָר פיינס...

מיסיס כאַשאַ שושאַן:

— וויסן זי, דאָס זי איזט קליג געניג...

מיסטער בינאָקל:

— אָ, יאַ, די איז היפש קליג. דאָס זי שוין אַפילו פאַר בענאַרישן זיך קיין מורא האָט... אַ וואויל מיידל.

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— די לאַכט אימער. —

מיסטער בינאָקל:

— יאַ, זי לאַכט, נאָך ווי לאַכן. זי קען שוין איינמאָל לאַכן.

אַ קלאַפּ אין די טיהר.

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— אַריין!

שרייבער אַפּאַטייטעס און זשורנאַליסט קימען אַריין.

זשורנאַליסט:

— דאָס איז שוין איינמאָל אַ שטאָרמיש אָוונטל געווען...

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— פּערצייעט, מאַדאַם.

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— אַך, מיינע פרוינדע! (אַנטקייגן) ביטע, ביטע, זיצט.

זשורנאַליסט:

— דאָס איז שוין איינמאָל אַ רוישנדיק אָוונטל געווען.

מיסטער בינאַקל:

— אַזאַ אויפטריט האָבן אינזערע שוין לאַנג נישט געזעען.

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— אָ, יעס!..

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— איך ווערדע אייך, מיינע הערן, דעם גרעסטן דאַנק שולדיק בלייבן אונד איך האַבע אייך מיין ערפאָלג צו פערדאַנקען, נישט וואַהר? דיזעס קולטור-פּראָבלעם, דיזעס דאָרף אייך פּערטרעהטן ווערן, נישט וואַהר? דאָס היגע פאָלק ליעבט דאָך דאָס קולטור-פּראָבלעם, נישט וואַהר, מיינע הערן?

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— דיעס דאָרף מיר פּערטרעהטן ווער...

זשורנאַליסט:

— דאָרף אינזביידע...

מיסיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— ני יאַ, ס׳שוין רעכט... ס׳וועט שוין זיין גיט...

שרייבער אַפּאָטייטעס, אָן אַ זייט צים זשורנאַליסט:

— זעה נאָר, זי מיינט דאָך, אַז זי וועט יוצא זיין מיט אַ קיש. (צי מיס כאַשאַן) הערט, איך האָב נישט קיין סך צייט, איך האָב געלאָזט פין יענער זייט קוליסן דריי דאַמען, בשותפות מיט מיין קאָלעגע. (ווייזט אויפן זשורנאַליסט) אַלזאָ, איך וויל, איר זאָלט אויפטרעהטן אויך אויף מיינעם אַ געזעגענונגס אָוונט פאַרן היגן פּובליקום, עס זאָל זיין „פיפטי־פיפטי״, איך ביי אייך און איר ביי מיר, — און אויב איר זענט אַן אטראַקציע, וועל איך האָבן אַ גיטע ביזנעס אין דעם זעלבן טעאַטר.

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— ני, ביטע, יאַ.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— דאָס איז פאַר מיין בעטייליקן זיך אין אייער אָוונט, און מער דאַרף איך נישט.

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— אָ, ביטע!

שרייבער אַפּאָטייטעס פערנייגט זיך, געזעגנט זי פין דערווייטנס. זשורנאַליסט קישט איר די האַנט. ביידע אָפּ.

מיסטער בינאָקל, וואָס איז אין דער מיט פין זייער געשפּרעך געשטאַנען ביי מיס כאַשאַ כאַשישס שפּיגעלע און זיך געגלעט די האָר, דרייט זיך איצט צריק־אים צי מיס כאַשאַ:

— שוין אַוועק די יאָלדן. גיב זיי נאָר גיטע ביזנעס.

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— די קענען איינע קינסטלערין בעליידיקן.

מיסטער בינאָקל:

— צי וואָס דאַרפן זיי ליעבע? ביזנעס גיטע דער אַמע

ריקאַנער טאָרבע, אַ הייזל אין ברוקלין, אָדער אין דער בראָנקס...

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— אַך, איך ליעב דיך, מיין יינגל! (נעמט אים אַרים קאָפּ און גיט אים אַ הייסן קיש) אַך, דאָס האָסטי פאַר דיין טייערן אויפטיה מיט דעם ברילאַנט פאַר זעקס מאָל הינדערט טויזנט... מיר פאָהרן ציזאמען פערברענגען ביי אַן אָוונט-ברויט, נישט אמת?..

מיסטער בינאָקל, קישט איר די האנט, דערנאָך ליידנ-שאַפטליך אין די ליפּן:

— איך דאַרף נישט קיין ביזנעס. ווער עס ליעבט עפּעס אַנ-דערש, איך נאָר בלויז דאָס...

מיס כאַשאַ כאַשיש שושאַן:

— און איך ליעב נאָר אויך דיך, מיין יינגל (קישט אים)

זיי טיהט אָן דאָס אויבערמאַנטל. ביידע אָפּ.

## קאַפּיטל פערצן

פאָטאָגראַפיסט, אין אַ סמאָקינג, מיט פרוי עמאַ, די מי־
שער פון די צוויי טעכטער, אין זאַל פון ליטעראַטן און זשור־
נאַליסטן פעראיין.ביידע זענען הערליך אויסגעפּוצט, דרייען
זיך אַרים געאַרעמט, בעקוקן די בילדער אויף די ווענט. ס'איז נאָך
פריהליך, כמעט קיינער נישטאָ אויסער זיי ביידע.

פאָטאָגראַפיסט:

— איר זעהט, פרוי עמאַ, אָט דאָס איז נאַפּאָלעאָן מיט
זיין ווייב זשאָזעפינא.

פרוי עמאַ:

— אַן אמת ווייב?

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס קען זיין אמתער, ווי אַז מען שטייט געאַרעמט,
אָט ווי איך מיט אייך, (גיט איר אַ קיש)

פרוי עמאַ כאַפּט אַוועק דעם קאָפּ:

— כ'האָב געמיינט, אַז זי איז נאָר אַ געליעבטע.

פאָטאָגראַפיסט:

— ניין, חתונה געהאַט, אַזוי ווי איך מיט אייך וויל
חתונה האָבן, איר ווילט אַזוי, יאָ? (גיט איר אַ קיש)

פרוי עמאַ:

— וואָס האָט איר דען אין מיר דערזעען? מילא, אייערע

קאָלעגן, דער שרייבער אַפּאָטייטעס און דער זשורנאַליסט נעמען סאָפּקעלען מיט סאָנקעלען, איז עס כאָטש מיידלעך...

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס, זיי זענען מבינים, אַז זיי האָבן נישט געכאַפּט זיך צי׳ן אייך? איר, פערשטייט איר מיך, מיין ליעבע... (כאַפּט זי אַרים און קישט איר ליידנשאַפטליך אין האַלז אַריין) מבינים זענען זיי?

פרוי עמאַ:

— ני שוין, גיט. איר וועט זיך פערליעבן אין מיר, און וואָס וועט זיין מיט חתונה? (מיט אַ שמייכל) איר מיינט נישט אויף דערווייל?

פאָטאָגראַפיסט:

— אַך! איר זענט שוין מיין פרוי מיט חופה וקדושין.

פרוי עמאַ:

— עס זאָגט זיך נאָר אַזוי, אַז איך בין שוין... וואָס, איר ליעבט מיך דען אַזוי שטאַרק?

פאָטאָגראַפיסט כאַפּט זי שטאַרק אַרים, גיט איר אַ קיש:

— אָט אַזוי ליעב איך דיך.

פרוי עמאַ, לאַכט:

— די זאָגסט מיר שוין „די״?

פאָטאָגראַפיסט:

— יאָ, זאָג די מיר שוין אויך „די״.

פרוי עמאַ:

— דאָס איז נאָך נישט קיין סימן פין ליעבע.

פאָטאָגראַפיסט:

— נאָר וואָס דען?

פרוי עמאַ:

— רעדט צי מיר איידעלע רייד און וועגן איידעלע זאַכן.

זוי מיסטער אַפּאָטייטעס צי מיין סאָנקעלען.

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס? איידעלע רייד?

פרוי עמאַ:

— אַזוי פין דערווייטנס האַלט דיך, מיט רעספּעקט, און רעדט וועגן קויפן אַ הויז.

פאָטאָגראַפיסט:

— ניין, איך קען מיך נישט האַלטן פין דערווייטנס, און קויפן אַ הויז... ווי?..

פרוי עמאַ:

— ער קויפט אין בראָנזוויל, אָדער אין ברוקלין.

— און איך וועל קויפן הי.

פרוי עמאַ:

— ער וועט עפענען אַ ביוראָ, מען וועט זיצן און איבערשרייבן זייבע מאַנוסקריפּטן פאַר אַלע רעדאַקציעס אין דער וועלט. און — מיין סאָניעלען, וועט ער מאַכן פאַר זיין ראהט געבערין פאַר אַלע רעדאַקציע-בעשטעלונגען ביי אים. זי וועט אויך זיך דאַרפן בעמיען וועגן „אַדווערטייזן", זאָגט ער, זייבע ביכער. און איין מאָל אין חודש, איינלאַדן אַ רעצענזענט אויף אָוונט-ברויט.

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס?

פרוי עמא:

— שטעלן ווייַן און שפּילן אין פּויקער.

פאָטאָגראַפיסט:

— ווער וועט פּויקן, זי אים?

פרוי עמאַ:

— די ביסט שוין עפּעס אויסן. „פּויקער", דאָס איז אַזאַ

איידעלע קאָרטן-שפּיעל אין אַמעריקע, וואָס נאָר גרויסע לייט שפּיעלן זי, און רעצענזענטן, מיז זיין, אויך.

פאָטאָגראַפיסט:

— און מיט וואָס נאָך וועט זי אים „מכבד" זיין?

פרוי עמאַ:

— העהר אויף, וואָרן די וועסט באַלט קריגן איבער די נאָז. ניי, וועל איך ביי דיר אויך קענען האָבן אַזא לעהבן?

פאָטאָגראַפיסט:

— ווייסטי וואָס, מיין ווייבעלע...

פרוי עמא:

— פין ווען אָן?

פאָטאָגראַפיסט:

— שוין, ענטשילדיק מיר. איך פערגעס אַלץ און מיין, אַז ס'איז שוין נאָך דער חופה. אָבער וואָס אי, די וועסט דען נישט זיין מיין ווייב?

פרוי עמא:

— ניי, איז וואָס ווילסטי מיר זאָגן „ווייסטי וואָס"?..

פאָטאָגראַפיסט:

— יאָ, דאָס אַלץ בין איך נישט. איך האָב נישט קיין ביוראָ און בין נישט קיין מאנוסקריפּט, נאָר פאר אַ ראהטגעבעריין קען איך דיך אויך מאכן. וועסטי דיך פרעגן: מיט וואָס? איך וועל נאָר פערגרעסערן מיין פאָטאָגראַפיע אנשטאַלט, וועל איך האָבן א גרעסער געשעפט, ווי דיין סאָנקעס חתן, נאָר ער וועט זיין א מאנוסקריפּט און איך — אַ פאָטאָגראַפיסט, אָבער איך פאַל נאָרנישט אראָפּ ביי מיר.

פרוי עמא:

— און דערנאָך?..

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס זשע פרעגסטי? וועט ער קויפן אַ הויז דאָרט און מיר ביידע — דאָ... און מען מיז נישט זיין, דווקא, נאָר שרייבער אויף צי קויפן אַ הייזל אין ברוקלין... ער דאָרט... און מיר ביידע — דאָ... און ווייסט ווי נאָך: איך וועל עפּעס נעמען אַ קינאָ אויך... ווייל דאָס איז איין בראַנזשע, שיעור, מיט פאָטאָגראַפיעס. ני, וועסטי שוין קענען זיין אַ ראַהטגעבערין ביי מיר?... וואָס זאָגסטי צי דעם פּלאַן?

פרוי עמאַ:

— נישט קשה, די זאָלסט אים נאָר אויספיהרן...

פאָטאָגראַפיסט:

— פאַרוואָס דען נישט?

פרוי עמאַ:

— זענען דען פאָטאָגראַפיסטן אויך אַזעלכע געשטעלטע תּכלית מענטשן, ווי אינזערע שרייבער יינגעלייט?... זיי גיבן קיינמאָל נישט אויס אַ גראָשן אויף אַ פרעמדע פרוי, אַפילו נישט אויף קיין קאַבאַרעט שיקסע, מעג זיין פון ביליקסטן סאָרט... נאָר טראָגן אַוועק דאָס געלט אין דער באַנק אריין...

פאָטאָגראַפיסט:

— יאָ, איך ווייס... אוך איך וועל מיך אַראָפּלערנען פין זיי...

פרוי עמאַ:

— און אַ פרוי האָט נאָר ליעב אַ „סטאַטקאָוונעם" מאַן, אַזעלכן, ווי אַ יידישער שרייבער איז... אויב די וועסט אַזוי טיען איז גיט... און איצטער זאָג מיר נאָך: ווי אַזוי וועט זיין מיטן שטיב-לעהבן, צי וועסטי קענען פיהרן אַן איידל הויז?

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס הייסט?

פרוי עמאַ:

— אַז אַ פּאָרפּאָלק דאַרף פיהרן אַן איידל לעהבן.

פּאָטאָגראַפיסט!

— ני, זאָג ווי אַזוי, די נעמסט מיך, דאַכט זיך מיר, עמאַלע, אויף אַ צי-שוועהרן עקזאַמען...

פרוי עמאַ:

— איך ווייס נישט, נאָר מיסטער אפּאטייטעס זאָגט, ווי אַזוי...

פּאָטאָגראַפיסט:

— ני, מיזטי מיך, כאָטש, לערנען.

פרוי עמאַ:

— ער דערציילט מיין סאָניען, אַז זיינער אַ פריינט, אויך אַ יידישער שרייבער, האָט אַ ווייב, האָט זי שוין אויפגעהערט צי רעדן, פין איידלקייט... זי מיז גייען אויף די שפּיצן נעהגל... און פישצן, ווי אַ פייגעלע... קוים וואָס מען הערט זי... און אַלץ, וואָס זי פישצעט איז נאָר וועגן אים, דעם מאַן... ווייל אַזוי פאָדערט די איידלקייט פין דער שטיב... „מיין שעפסל איז היינט געריטן אויף אַ פעערד"... — זאָגט זי.

פּאָטאָגראַפיסט:

— איז וואָס זשע נאָך דערמעער?...

פרוי עמאַ:

— יאָ, איז וואָס זשע טאַקי נאָך דערמעער... זאָגט זי עס אָבער מיט אַזאַ איידלקייט, האַלז-פישצל, דערציילט אפּאטייטעס, און אַזאַ בלישצל אין די אויגן, פינקט ווי נישט איר בלויז האָט „שעפסלס רייטן" אויפגעריכט, נאָר די גאַנצע וועלט... אָדער, אַז שעפסל האָט געני‌מען אַ וואַנע... גיט זי דאָס איבער מיט אַזאַ שטיל פליסטערן, פינקט, ווי דאָס איז שוין געווען דער לעצטער טריט, נאָך וואָס משיח דאַרף קימען... — אַזוי,

דערציילט מיסטער אפאטייטעס, דאַרף מען רעדן וועגן אַ מאַן, ובפרט נאָך אַ שרייבער; מיט אַ קול פון נישט פערגינען זיך הויך צי רעדן.. ער זאָגט, אַז מען דאַרף דאָס..

פאָטאָגראַפיסט:

— און איך זאָג דיר, אַז מען דאַרף עס נישט. אויך איך בין אַ ספּאָרטס מאַן. קען איך נישט אַליין רייטן, גיי איך אויף „וישטשיגעס".. אויף דעם זעגען דאָ פערד-געיעגן, שטעל איך אַזויפּיל און אַזויפּיל... דערסגלייכן אויף אַ שווים-געיעג און בעזינ-דער אין אַ וואַגע אריין..

פרוי עמאַ:

— טאָ וועד ווייסט וועגן דעם?...

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס דאַרף איך, אַז מען זאָל וויסן?...

פרוי עמאַ:

— אַ... ווייסטי דאָך נישט... דאָס ווייב מאַכט דערפון אַן איידעלע שטיב... אַרימגעוויקלט אין אַריסטאָקראַטישקייט...

פאָטאָגראַפיסט:

קען מען אויסהענגען אַן אַפיש ביי אינז אויף דער וואַנט?...

פרוי עמאַ:

— די פערשטייסט נישט, אַז מיט אַזאַ גליק, ווי אַ ווייב, דערציילט נישט קיין אַפיש אין דער וועלט...

פאָטאָגראַפיסט:

— זי פישצעט?...

פרוי עמאַ:

— יאָ... און זי דערציילט עס גאָרנישט אויך, נאַר מאַכט אַ סוד דערפון... ווי עס זאָל זיך נישט צעגייען ווייט, נאָר בלויז פאַר גיטע פריינט...

פאָטאָגראַפיסט:

— ני זאָג מיר: פון וואַנען דערנעמט זיך אַזאַ ליעבע צו פערד ביי דעם דאָזיקן שרייבער, אפּאטייטעס'ס פריינט?...

פרוי עמאַ:

מיסטער אפּאטייטעס דערציילט, אַז יענער פלעגט קליינערהייט מיטגייען מיטן פאָטער אויפּציקויפן אַ קעלבל אויפן דאָרף... אַז דער פאָטער האָט עס געקויפט, האָט ער עס אים איבערגעגעבן אַהיימצוטרייבן... און אַז ס'איז נישט געגאַנגען, ווייל ס'האָט געוויינט צוריק צו דער מוטער און צו דער שטאַל, פלעגט ער עס אינטערשטויסן הינטן און דרייען עס דעם עק, אַזאַ „משפּנתה", אַז דער „ריקן-ביין" זאָל זיך רייבן און, עס זאָל אַליין לויפן... אָט דעמאָלט, דערציילט מיסטער אפּאטייטעס אויף זיין פריינט דעם שרייבער, ביי אַזאַ שלעפּנדיקער נסיעה, איז ביי אים, ביי דעם שרייבער, אַלס יינגל, געווען דער העכסטער אידעאַל דעם פּריצס זיהנדל מיטן פערדל... דאַדאָרך, ווען ער איז געוואָרן שרייבער האָט ער זיך געלערנט רייטן... — דערנאָך האָט ער, איינמאָל, געזעען דעם זעלבן פּריצס זיהנדל אַריינרייטן אין מאַרק אויף אַ געזאָטלט פערדל אין אַ פּראָסטן וואָכנטאָג... איז געוואָרן אַ געקיקעריי פון אַלע געוועלבן, און רעהדלעך זענען געשטאַנען און געשמיעסט, צי איז דאָס ציימעל פון זילבער, צי נישט?.. אַז דער שרייבער האָט אָנגעהויבן געלט צו פערדינען, האָט ער זיך געקויפט אַזילבערן ציימעל און אַליין עס געפיהרט פון שטאָט צו שטאָט, ווייל דאָס פערד איז נאָך אַלץ געבליבן ביים פּריץ אין שטאַל... אַדאָרכגייענדיק דערמיט דעם מאַרק פון וועלכן עס איז שטעדטל, האָבן די יידן, פינדעסטוועגן, נישט וויניקער אים נאָכגעקיקט, ווי יענעם פּריצס זיהנדל... און פון דעמאָלט אָן האָט ער ליעב פערד.

פאָטאָגראַפיסט:

— פין וואַנען ווייסטי דאָס אַלץ?

פרוי עמאַ:

— אַפּאָטייטעס דערציילט דאָס אַלץ מיין טאָכטער און איך הער מיך איינטער...

פאָטאָגראַפיסט:

— ווייסטי וואָס, עמאַלע: ווען איך וועל ווערן רייך, וועל איך מיר אַליין מאַכן אַ „האָדאָוואָלע" פין געיעג-פּעערד און, איך וועל אַ גאַנצן טאָג אַרימגייען אַרים זיי. אויך וועל איך אַ גרויסע צייט פין טאָג פערברענגען אין אַ זיידענעם באָד-קאָסטיום, אַז די זאָלסט האָבן נאָכמעער פין וואָס צי דערציילן.

פרוי עמאַ:

— אָבער ס'איז נישט דאָס...

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס?

פרוי עמאַ:

— פערשטייסטי מיך, אַז נאָר אַ שרייבער קען עס ניצן... דערפין ווערן זיינע ווערק גרעסער... — זאָגט אַפּאָטייטעס...

פאָטאָגראַפיסט:

— אַזוי?! דערצי האָב איך שוין קיין עצה נישט...

פרוי עמאַ, פערטראַכט:

דאַדאָרך פאָטאָגראַפירט זיך שוין היינט דער זעלבער שרייבער, זאָגט אַפּאָטייטעס, מיטן שרייבטיש... דאָס איז אויך אַזאַ מין ציימעל, ווי דאָס, וואָס ער האָט געטראָגן איבערן מאַרק...

פאָטאָגראַפיסט:

איך וועל דאָס נישט קענען... העכסטנס, מיט דער „האָדאָוואָלע", אַז מען זאָל מיינען, ס'זענען גיטע פּעערד...

פרוי עמאַ, צריק פערטראַכט, ציילט זעער פערחלומט:

— ציימלען, פּעערד, באָד-קאָסטיום, שרייב-טיש...

פאָטאָגראַפיסט, אויך האַלב פערטראַכט:

— איך וועל דאָס נישט קענען...

פרוי עמאַ:

— ווען ביי מיר אַזאַ שטיב, ווי ביי מיין טאָכטער, הייסט עס, נישט קענען זיין?...

פאָטאָגראַפיסט:

— איך ווייס?.. (קליינע פויזע)

פרוי עמאַ:

— אָט דער (ווייזט אויף אַ פּאָרטרעט) לעהבט אויך גע־איידלט.

פאָטאָגראַפיסט:

— ס'מאַכט אויך דאָס ווייב?

פרוי עמאַ:

— ניין, זי איז אַנטלאָפן...

פאָטאָגראַפיסט:

— נאָר ווער דען?

פרוי עמאַ:

— בענקשאַפט... דאָס מאַכט אויך אַן איידעלע שטיב, שטימונג... (קליינע פויזע)

פאָטאָגראַפיסט:

— און וואָס האָט ער אַזאַ לאַנגע נאָז?..

פרוי עמאַ:

— ...און אַפּאָטייטעס זאָגט, אַז דערדאָזיקער שרייבט נאָר וועגן נאַרציזן... וועגן איינזאַמקייט און, אַז מער ווי איין פריינט איז אים נישט געבליבן: דאָס קאָרצע לילקעלע... און די לעהזער האָבן אויף אים רחמנות, ווי אויף אַ יתום...

פאָטאָגראַפיסט:

— וואָס ביסטו עפּעס אַזוי פערחלומט געוואָרן? זעה נאָר,

עס הייבן שוין אָן אָנציקימען מענטשן... (ביידע קיקן זיך אַרום, עס קימען אַריין עטליכע מיידלעך און יינגעלייט)

עס קימט אַריין דער זעלבער דיכטער, וואָס אויפן פאַר־טרעט: ר'איז לאַנג־געוואַקסן און קאָרץ בעפּייקעט...*) ער וויל אויסזעען, ווי אַ שאָטן און, ווייל ער האָט מורא, אַז אַ שמייכל זאָל אים נישט פליצלינג פערראַטן... זעהט מען, אַז דאָס פּנים האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבעט אויף זיך, ביז עס האָט איינגעגלי־ווערט אַ בורשטינערן ליכטל, וואָס איידער שמייכלען, וויל עס בע־סער נאַריש זיין, ווייל דער נאַרישליכער בעל בית האָט בעשלאָסן צו זיין זויער... ער קיקט זיך אים, צו אַלע זעען אים שוין... און גייט צוריק אַרויס... דאָרך די אָפנגעלאָזטע טיהרן הייבן זיך אָן זאַמלען הערן־מיטגלידער, ביז עס פיהלט זיך אָן ,דער זאַאל און עס ווערן דאָרך זיי פערנימען אַלע פלעצער. דעמאָלט עפנט זיך לינקס פון דער טריבונע אַ טיהר פון אַ זייטיק צי־מער און עס גייט אַרויס אויף דער טריבונע דער בערלינער דיכטער: געפּרעסטער סורדוט, טיעפער, ווייסער גאָרס מיט אַ ווייסן שלייף, אַ שוואַרץ בערדל, איבער וועלכן ער הענגט אַרויס אַ שמייכעלע, ווי אַ סערוועטל, אַז דאָס בערדעלע זאָל גלאַנצן... און אויך דאָס בערדל איז אַרויסגעהאָנגען, נישט ווי אַ העמדל פון אַ פּאָר מייטקעס, נאָר ווי פון אַ פּנים אַ לעקיש, וואָס וויל דאָרכאויס אַלע צו לעקיש מאַכן און ווייזט באַלט אַ מוסטער טאַקי פון זיך, ווי אַזוי אַזעלכער דאַרף אויסזעען.

אַ יינגל טראָגט דאָרך אויף דער סטעטשקע צווישן די רייען שטיהלן — אַ קאַרפינקע וואַסער מיט אַ גלאָז צום טיש פון דער טריבונע, שטעלט אַוועק און דעמאָלט הייבט דער דיכטער אויף דאָס בערדל.

*) מיט אַ קאָרצער פּייקע

בערלינער דיכטער:

„מיינע חברים, פריינט און פריינדינס! אינזער פערגאַנ־גענהייט איז אַלעמאָל געווען רייך מיט קולטור־דערגרייכונגען, און היינט האָבן מיר שוין דערגרייכט גאָר הויך... עס שטייט, אַז ווען דער מלאך האָט געזאָגט שרהן: פין היינט איבער אַ יאָר וועסטו האָבן אַ זיהן, האָט זי געענטפערט: איז דען מעג־ליך, אַז די דאָזיקע „בריסטלעך" זאָלן נאָך זייגן?.. אָבער ציליעב אַ נס פין אַ פאָלק קען אַ שטעקן אָנהייבן צי בליען איבער נאַכט... ווען מען שטעלט אים אינטערן פענסטער אַרויס... מיר האָבן שוין היינט אַ יידישע קולטור אויף דריי לשונות... אָבער אויך נישט די דריי זענען די איינציקע. אין פראַנקרייך האָבן מיר אויך אויף דריי לשונות... אין אַמעריקא און אין רוסלאַנד אויך אויף צי דריי לשונות, הייסט עס, אַז בייזאַמען האָבן מיר שוין אַ יידישע קולטור אויף צוועלף... אָבער פריינט פין דער יידי־שער קולטור, דאָס איז נאָר אין פרידנס צייט... אויף מלחמה־צייט, ווען יעדע אַרמעע ווערט במילא דערפילט אין איר גאַנצן קאָמפּלעט: מיט רייטער, טאַפּיאָרן און אַרטילעריע, ווער שמיעסט נאָך, ציזאַמען מיט די נישט אַקטיווע, די אין זאַפּאַס; — צי גע־דענקט איר, ווי אויף איין איינציקן המן פלעגן זיך נעמען אַ גאַנץ בית המדרש יידעלעך, קיין עין הרע, מיט פיפציק קאָלבע־גרעגערס, וואָס אָרים און אַרים יעדן גרעגער־רעהדל איז געווען צי צוועלף צינגען, דערנאָך המן־קלאַפּערס, בעזינדער אויך טיפּן מיט די פיס, און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן איז נאָך אויך געווען אַ צישרייען מיט די העלזער אויף קולי קולות, און איז דאָס נאָך אויך ווייניק, האָט מען גלאַט ציגעפויקט מיט ברעה־טער און איינגעלייגט דעם בית־המדרש־אויוון, (ווייל ס'איז שוין סיי ווי סיי געגאַנגען צי זימער) צי געדענקט איר דאָס, אָט דאָס דאָזיקע בילדעלע?—זאָג איך אייך, אַז אין דער מלחמה־

צייט, ס'הייסט אַזוי אין עפּעס אַ שטיקל מהומהלע-צייט, הייבט אינזער יידישע קולטור אָן צו רעדן אויף אַ סך מער, ווי אויף שבעים לשונות... אויף זיבן הינדערט שפּראַכן... „אויף מער, ווי די גאַנצע וועלט צוזאַמען פֿאַרמאָגט. אויף וויפֿיל שפּראַכן האָבן מיר גערעדט אויף דעם שוואַרץ-פּראָצעס, ווען מיר האָבן נאָר דערטאַפּט דעם שטיקעלע „המן"?.. און דעמאָלט, שוין נישט בײַ אים אין דער היים, נאָר בײַ אינז אין „בית המדרשל"?.. מײַנע פֿרײַנט און פֿרײַנדינעס און חברים — צי איז דאָס אַלײן שוין נישט אַ סימן פֿון אמתער גבורה, ווי עס פּאַסט פֿאַר „אָנשטאַמ-לער" פֿון די מאַכאַבעער? מײַנע פֿרײַנט. איר זענט דאָך אויך פֿון אינזער פֿאָלק און איר געדענקט דאָך, ווי קלײנערהייט פֿלעגט איר אַרײַנבאַרן אַ קלײן הינטל צו'ן אײַך אין סוכהלע, און אָנמאַכן דערמיט אַ רעש, אַז איר שלאָגט אַ „הינט", אַז די גאַנצע גאַס איז געווען אײַנגעהילט אין בהלה. איר האָט דאָך אודאי נישט געשוויגן דעם דאָזיקן פֿערבלאָנדזעטן הינטל, ווײַל עס האָט פֿאַרפּאַטשקען שבת, בשעת איר זענט אַרויסגעקימען אינ-טער די שטאָט שפּאַצירן, פֿערזאָגט אײַך גאַנצע פּיפּציק יינגען צוריק אין שטאָט אַרײַן? אַזוי שווײַגט אויך נישט אינזער יידישע קולטור, ווען זי פּאַקט אַזאַ „הינטל", און זי הייבט אָן צו רעדן אויף זיבנהינדערט שפּראַכן... וואָס דאָס אַלײן איז שוין דער סימן פֿון אינזער גרויסער גבורה, וואָס שטאַמט נאָך פֿון די מאַכעבעער. מיר זענען נישט ווי די בערג-פֿעלקער, וואָס טיען אָפּ אַ זאַך שטיל און שטילערהייט. שטיל לויערט מען אויפֿן שפּיץ באַרג אויף אַ שונא, און שטימערהייט לאָזט מען צו אים פֿליען אַ פֿײַל, אַזוי, אַז ווען דער שונא קיקט זיך אים מיט דער פֿײַל אין זײַן ברוסט, וואָס האָט אים פֿון פֿליצלינגער ווײַטיק דעם אָטעם פֿערכאַפּט, און מיט אַ לעצטן קעהר פֿון אויג און לעצטן געדאַנק, ווײַל ער נאָר כאָטש דערזעען פֿון וועלכער זײַט

דאָס איז אים געקימען, זעהט ער דאָס אויך נישט... מיר זענען
אויך נישט אַפילו, ווי אינזער משה אין דער גאַנץ פרימיטיווער-
צייט: ויפן כו וכו,—ער האָט זיך נאָר אַ קיק אים געגעהבן צי-
קיינער זעהט נישט און — ויך... ער האָט דעם גוי, דעם מצרי-
דערשלאָגן,— ויטמינהו... און ער האָט אים בעהאַלטן אין זאַמד
אַריין, אַז קיין האָן זאָל קיין קרייה נישט געהבן. אָ, מיר זענען
שוין ווייט נישט די, מיר ציוויליזירטע יידעלעך. דער בערג-
מענטש, איז בטבע אַ שרעקנדיקער, ער בעהאַלט זיך אין אַ
שפאַלט פין בערג אָפּציוואַרטן אַ שונא, משה רבינו דעסגלייכן...
וואָס דען האָט ער זיך אימגעקיקט אַהין און אַהער, אויב נישט
פין שרעק... מיר קעמפן אָפן, פריי, ווען דאָס „הינטל" קימט
צי אינז אין „סוכהלע" אַריין... און אויך דעמאָלט איז דער
עיקר קאַמף — אויף לשונות, מיט זיבנהינדערט לשונות... און
אָט די דאָזיקע דערגרייכונג האָבן מיר צי פערדאַנקען אינזער
יידישער קולטור אויף זיבנהינדערט שפּראַכן.

אינזער זיבנהינדערט שפּראַכיקע קולטור האָט אינז אויך
געבּרענגט, אַז מיר זאָלן זיין פערטרעהטן פין זעער אַ סך אינ-
זערע פאָרשטייער, פין אימעטים און אַלע זייטן, אויף יעדע
וועלט-קאָנפערענץ. וואָס אַ פוילישער ייד וויל פאַר דער פוילי-
שער מלוכה, כדי עס זאָל זיין יידן גיט, וויל דאָך טאַקי פינקט
פערקעהרט אַ לאָנדאָנער ייד פאַר דער לאָנדאָנער מלוכה, כדי
עס זאָל זיין יידן גיט... אַזוי ערנאָך זענען מיר פערטרעהטן פין
אימעטים...

און מיר זענען נישט נאָר אימעטים און פין אימעטים,
נאָר אויך די ערשטע צי יעדע זאַך. עס שטייט אין שטאַרקער
סתירה קייגן אינזער כאַראַקטער, קייגן אינזער וועלט-אָנשויאונג,
אַז מיר זאָלן זיין די לעצטע... איר געדענקט דאָך אַודאי די
קריעת שמע לייענען אייערע, אַלס חדר יינגלעך, ביי אַ געווי-

נערין אין דער וואַך נאַכט, דעם אָוונט פאַרן ברית? צי האָט זיך געפינען צווישן אַלע פין אייך איינער, וואָס זאָל זיך נישט געהבן אַ לאָז מיטן גאַנצן שטראָם, ביי די לעצטע ווערטער „מעתה ועד עולם" אויף דעם טיילער פין די באַני-קעהרן מיט ציקערלעך, אַז יעדער פין אייך זאָל נישט וועלן ציכאַפּן דער ערשטער און טאַקי אויך אינגאַנצן, איידער ציציילאָזן אויך דעם צווייטן?..

איך לייקן דאַדאָרך קאַטעגאָריש אָפּ די לעגענדע, אַז גאָט האָט זיך אַרימגעטראָגן מיט אינזער תורהלע פריער צי אַלע פעלקער און דערנאָך ערשט — געקימען צי אינז מיט איר, ווי צי אַ בן זקנימל. איך גלייב, אַז מיר זענען געווען די ערשטע אתה בחרתנוניקעס זיינע, פין דער ערשטער מיניט אָן, אַז מיר האָבן עס אים טאַקי די ערשטע פין דער האַנט אַרויסגעפליקט. נאָך רש"י האָט שוין געהאַט אַ שטיקל קיק אויף אינז: קימט צים משכן, זענט איר די ערשטע, קימט צים עגל — אויך די ערשטע... און איך, וואָס איך האַלט דאָ ערשט פאַר אייך מיין רעדע, אַזוי ווי איר קיקט מיך אָן מיט מיין לעקעשעוואַטן בערדל, זאָג, אַז אַפילו אויף בודהאַ׳ס תורה, וואָלטן מיר אויך געווען די ערשטע... נאָר צים אימגליק איז זי פריער געקימען אויף דער וועלט, איידער אינז, און מיר האָבן נישט געקענט זיין די ערשטע... ווייטער זענען מיר אימעטים די ערשטע... צי יהוהן זענען מיר די ערשטע, מילא, צי קריסטוסן זענען מיר דאָך אַודאי די ערשטע... און אַזוי כסדר, ביזן היינטיקן טאָג, צי אַלע תורות — די ערשטע... אַ חוץ אויך, וואָס צי אַלע גרעסערע און קלענערע „איזמען"... אַלץ די ערשטע...איך וויל נישט זאָגן, אַז דאָס שטאַמט אַלץ פין אָט יענעם כאַראַקטער „קריאַת שמע" לייענען, אַז דאָס לעצטע וואָרט „מעתה ועד עולם" זאָל זיך ענדיקן מיט זיין דער ערשטער צי „ציקערלעך מיט באַני-קעהרן"...

ווייל אויב איך וועל אַזוי זאָגן, וועט איר האַלטן מיין בערדל שוין פאַר ציפּיל נאַריש לעקישעוואַטע, וואָס איך האָב עס זעער ליצב, און כ'האָב עס דאַדאָרך טאַקי פערהאָנגען פאַר אייערע און נאָך מענטשנס אויגן, מיט אַ נאַריש סאַלוועטקע-גלעכטערל, כּדי איר זאָלט עס נישט פיינט האָבן צילייעב די כיטרע געדאַנקלעך און שמייכעלעך, וואָס בלאָנדזן דערויף אַרים... נאַר זאָגן, זאָג איך אייך, אַז דאָס קיקט שטאַרק אַרויס פין אינזער „יידישער קולטור" אין זיבנהינדערט שפראַכן, אַט דאָס זיין אימעטים די ערשטע... און ווייסט איר פאַרוואָס איך האַלט דעמדאָזיקען רעפעראַט? — אויך ווייל איך וויל זיין אַן ערשטער... אויב נישט דער סאַמע ערשטער, זאָל זיין אַ צוואַנציקסטער „ערשטער". איך וויל אַ ציטונגס-פּאָסטן אין דער רעדאַקציע „דער טאָפּ"... (קלאָג מיך קלאָג צים ונתנה תוקף) מיין ווייבל, פערשטייט איר מיך, קיקט אויף מיר מיט אַן אינטעליגענט-שפּיציק בליקל פין אַ זייט, ווי אויף אַ דראַגונער, אַ גרויסן „אַרטילעריע שיעסער", און וואָס קען זיך פערגינען איר, אַ שוואַך פייגעלע, צי לאָזן אַנטגייען... מיין שוועהר ווידער, קיקט אָנגעריקט אויף מיר, ווי פין ווייטנס אַ שוואַרצער שינדל-דאַך פין אַ צעפוילטער געביידע, און מיין שוויגער זאָגט גלאַט, אַז איך טויג אויף טויזנט כּפּרות. אַט דערפאַר האַלט איך דעם רע-פעראַט. (גיט אַ גיי אַראָפּ פין דער טריבונע)

עס ווערט אַ רויש צווישן עולם:

— ער האָט דאָך עפּעס בערעדט אינז אַלע יידן.

בערלינער דיכטער, הויך:

— אַוודאי האָב איך בערעדט.

איינער פין עולם:

— אַנטיסעמיט!

איינציקע פין דער ערשטער רייע, קיקן זיך אים צים שרייער:

ש... ש... שא... (צים בערלינער דיכטער) און שוין, מעער האָסטי נישט וועגן יידן און יידישער קולטור? גאָרניעט קיין גיטס?

בערלינער דיכטער:

— כ׳האָב...

די זעלבע עטליכע שטייען אויף פון זייערע ערטער, דער־נעהנטערן זיך צי׳ן אים, אויף אַ שטילער קול:

— ס׳איז דאָך אַ שוואַרצע חרפּה: וואָס וועלן מיר מאָרגן קאָמענטירן אין דער פּרעסע? ס׳האָט דאָך דאָך געהערט אַן עולם, זאָג, וואָס ווילסטי?

בערלינער דיכטער שרייבט אויף אויף אַ צעטל, שטיפּט עס זיי אין דער האַנט אַריין, זיי לייענען צווישן זיך:

„עס קאָסט צוויי הינדערט זלאָטעס אַ וואָך, כסף טהור, פּענסיע אין אַ צייטונג, מיט אַ קאָנטראַקט. וועט זיין דער זעל־בער רעפּעראַט איבערגעדרייט איצט באַלט אויפן אָרט, אויף דער אַנדערער זייט"...

די זעלבע:

קריגסט.

בערלינער דיכטער:

— איך האָב אייך נאָר געוואָלט ווייזן, אַז כ׳האָב אַ — שאַרפע צינג, מיט וועהמען מען דאַרף זיך רעכענען, און אַז איך וויל, קען איך מאַכן פון שלעכטס גיט אויך.

די זעלביקע:

— שוין, גיט.

בערלינער דיכטער גייט צריק אַרויף אויף דער טרי־בונע:

— הערט זשע מיך, מיינע פריינט און פריינדינעס; חברים פון אַ גאַנץ יאָר און אַלע טעג פון יאָר: מיר זענען

אימעטים און מיר זענען צום ערשטן, אונזער קולטור האָבן מיר חלילה, נישט איינגערייזמט אין קיין רעהמל, מיר האָבן זי ברייט און ווייט פענאַנדערגעטראָגן. מיר האָבן פעלקער איינגעשפאַנט אין דער דאָזיקער דיענסט צו אונז. ענגלאַנד, אירע מיסיאָנערן געשיקט פון פאַבריקאַנטן, פערשפרייט אונזער תנך צווישן די שוואַרצע מענטשן. דעם סאַמע לעצטן פון אונזערע נביאים, קרי־סטוסן פאָפולערער צו מאַכן, האָבן מיר געשטעלט אַ גאַנצע וועלט אין דיענסט צו אונז... מיר האָבן אויך אויף דער וועלטליכער פּרעסע אויסשטעלונג אין קאָפּענהאַגן דערגרייכט גוטע רעזול־טאַטן דאָרך דעם אַרויסשיינען פון אונזערע „קיאָסקן" מיט די ביכער, וואָס ווערן געשריבן פון אונזערע זשורנאַליסטן פון היינטיקן פעראיין טאַקי... און ענדליך, האָפן מיר אויך צו דערגרייכן גוטע רעזולטאַטן דאָרך וויטלינען, אונזער פאַן גע־נאָסע, אָדער דאָרך דער איבערזעצערין אידזשאַ אידזשאַקאָווסקאַ, וועלכע וועט מסתמא מיט געהעריקער זאָרגפעלטיקייט איבער־פלאַנצן אין אַנדערע גערטענער אַריין אונזער ייגנסט צווייגעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער שויס פון אונזער זשור־נאַליסטן פעראיין... וועלכער וועט, מסתמא, האָבן די בענטשונג פון די שפּעהטערע דורות, אפשר פון דער גאַנצער וועלט אויך, בעזינדערס פון אונזער יידיש פאָלק, פאַר אונזערע היינטיקע בעמיאונגען...

איינער פון דער ערשטער רייע שטייט אויף, מיטן פנים צום עולם:

— איר העערט, אַז מיר האָבן צו פריה חושד געווען אין יידנפיינטשאַפט. פאַר נישט מבינים טאָר מען נישט ווייזן קיין האַלבע אַרבעט... כ'מיין פריער און איצט!

עולם:

— יאָ, יאָ.

בערלינער דיכטער:

— כי במקלי עברתי את הירדן הזה, ואתה היתי לשתי מחנות. אינזער ייִנגסט קולטור צווייגעלע הייבט זיך אָן פֿין אַ דינימטשקע שנירעלע. צים ערשטן אַ טשערנאָוויצער קאָנפערענצעלע, וואָס אָן דעם האָט קיין פראָווינצער ייד נישט געהאַט קיין שום הכשר צי רעדן ייִדיש... דאַנעגן, הייִנט, האָבן אים שוין אויך יעדער איינער, וואָס רעדט אויף יעדע איינע פֿין די יידישע זיבן הינדערט שפּראַכן. אויך די שוהל-נעץ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿין אַן איינציק ציגעלע, וואָס איינער פֿין אינזערע לעצטע ליטעראַטור-קלאַסיקער האָט געלייגט. זי האָט זיך הייִנט אויסגעשפּרייט אַזוי, אַז אירע ווענט זענען שוין צי ענג אויף אַרייִנצינעמען אַלע יידישע קינדער און שיקט זיי אַזש אָפּ אין אַלע גוישע שיהלן. דעסגלייכן זענען ענג געוואָרן די ווענט פֿין אינזערע ביבליאָטעקן, אינזער ליטעראַטור מעגן מיר שוין שטעלן אינדרויסן... קיין גנב וועט זי נישט גנבענען. אויף אַן אַסיפה צווישן פערלעגער און שרייבער, וועגן פערבעסערן דעם מאַרק, האָט זיך נישט געלאָזט דעבאַטירן די פראַגע וועגן אָנשטעלן אַן אייגענעם גנבים-קרייז „פּאָליצע אָפּליידיקער פֿין די יידישע שטעהדט און שטעהדטליך ביבליאָטעקן”, ווייל רי הינטערוועלט האָט דעם פּאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן...

דאָרך דער קלײנער צייט פֿין אינזער ייִנגער ליטעראַטור, איז געשעען מער נס ווי דאָרך דער צייט פֿין די צעהנדליקער דורות פֿין די תנאים ואמוראים: איר וועט גאַנץ ש״ס, אויב אָן פּרושים, קענען צינעמען אינטער איין אָרעם, — איר וועט אָבער נישט פערנעמען אויף קיין גאַנצע פיהר, די ביכער פֿין איינעם אַ הייִנטיקן, וואָס האָט נאָר דערווייל אַרויסגעגעהבן צוואַנציק ביכער, ווען ער וועט צינויפקלויבן די איבעריקע פיר הינדערט אַכציק... זיי זענען נאָך דערווייל נישט אַרויסגעגעהבן,

אָבער ער וועט מאַכן פֿין זײ ביכער צים גלײכן מספר — פֿינפֿ־הינדערט. אַזוי האָט אינזער ליטעראַטור זיך אויסגעשפּרייט... דאָס איז אַ ווינדערליכע זאַך. איר קענט דאָס ווינדער, אַפֿילו ביים וואַקסן פֿין משוגענעם מאָן, נישט טרעפֿן. און ווי לאַנג איז גאָר, אַז דער דאָזיקער קוואַל איז געווען גאָר אָרעם? איר געדענקט דאָך יענע צייט, ווען אַחד העם האָט בעשטימט פֿייערבערגן פֿיפֿציק קאָפּיקעס אַ וואָך, כּדי נישט אַחד העם זאָל שטאַרבן פֿין אויסצעהרונג און פֿייערבערג זאָל נישט מער אָנשרייבן, ווי איין קליין ביכל... איר געדענקט דאָך אויך גנעסינס בלאַסע, פֿערחלומטע „טייכל״?

נאָר בלויז דריי פֿין אינזערע גבירים האָבן אינז געוואָלט אויסהאַלטן קייגן שונא, אַז ירושלים זאָל נישט פֿאַלן: מיט ליכט, שפּייז און קליידונג. נאָר דריי בלויז פֿין אינזערע איצטיקע שרייבער, די לאַנגע נאָז מיט דער קאָרצער פּייקע, די לאַנגע שפּרייזן מיטן קליינעם כּדור אָרץ פֿאַר נאָך קאָנפֿערענצן, און דאָס יאָרידס פּנים מיט דער האָטשיק נאָז — קענען אינז אויסהאַלטן מיט גאַנצע בריקעס פֿין זייערע אייגענע „סעטן״ ביכער, די ביבליאָטעקן פֿין שטעהט און שטעהטלעך זאָלן נאָר צעריקן די ווענט...

אָבער דאָס איז נאָך נישט אינגאַנצן... איר געדענקט, מיינע הערן און דאַמען, ווי קליינערהייט, האָט איר מיט אייערע קליינע חברימלעך, אויסגעזועצט אויף אַ פּלאַץ, מיט די תּהתּונים־לעך אין די הענטלעך, געשפּיעלט זיך אין דעם — ווער פֿין אייך עס קען מאַכן מער קליינע באָביקלעך?.. — נעמט, מיינע פֿריינט, ציילט איבער די קלענערע הויפֿנדלעך אין אינזער ליטעראַטור, אַחוץ די מיט די גרויסע סעטן... וועט איר געפֿינען, אַז די דריי זינען זענען נאָך אָרימגעזיימט מיט שטערנדלעך פֿין פֿערשידענע פֿאַרבן, קאָלירן, און אַלץ ציזאַמען בילדעט אינזער

אויסגעשטערנטן ליטעראַטור-הימעל...

אָך, מיינע פריינט, איך פערמאָג נישט גענוג איידעלע געפיהלן אויסצידריקן מיין ענטציקונג פאַר אינזער יידישער ליטעראַטור... דאָך גענוג לויב בלייבט נאָך פאַר דער יידישער פרעסע. דאָס דינסטע שנירעלע איז געווען איר אָנהויב... צים ברייטסטן אויסגאָס האָט זי זיך צעשפרייט. אינזערע קלאַסיקער, וועלכע לעהבן שוין הייבט נישט, האָבן זיך בעטייליקט נאָך ביי איר וויעגל: אַ צאַצקעלע, אַ פעליטאָנדל, אַ נאָוועלקעלע... זי האָט אָבער באַלד איינגעזעען, אַז דאָס איז מיניאַטור... און זי איז אַרויף אויפן ברייטן שלאַך פין גייסט... אָ, האָ, יענע זענען שוין לאַנג געשטאָרבן און די צייט האָט געטיען דאָס צ־זיריקע און די יידישע פרעסע גייט ווייטער: „אַ באַרג אַראָפ", „אַ גראָבע בערטע" „אַ מבול", „אַ פעטערבורג" און „דער פעראורטיילטער"... הייבט זשע „קדוש השם" און „כשופ־מאַכערינס פין קאַסטיליען". אַוועק מיט די „מיניאַטורן", אויף וועלכע, אַפילו, די שרייבער וועלכע לעהבן נאָך, האָבן שוין לאַנג חרטה אויף יענער צייט, ווען זיי האָבן נאָך נישט געקענט שרייבן... זייער אָרט האָט פערנימען יעדער ראָמאַן, נישט וויניקער אין דער לענג, ווי פין דאַנען ביז צי דער לבנה... אָבער אויך נישט גרעסער, ווי ביז דאַן, ווען דער רעדאַקטאָר הייבט שוין אָן צי שפירן, אַז דאָס פאַלן פין „טערמאָמעטער־הייבט אָן... דאָס איז איר פערדיענסט פאַר אינזער ליטעראַטור, אַ חוץ וואָס זי פערדיענט זיך אַליין אויך... אָבער איר גרעסט פערדיענסט ליגט גאָר אין עפעס אַנדערש...

און איר האָט דאָך אַוודאַי געזעען, ווי אין סוף זימער זאַמלען זיך פייגל צים אַוועקפליען אין די ווייטע לענדער?—אַז אויף וועלכער געגנט זיי לאָזן זיך אַראָפ אין אַן אינדערפריה, אָדער נעכטיקן, מאַכן זיי שוואַרץ דאָס פעלד, און אַלע ביימער

ווערן אָפּגעטײנקען פֿון זײ?.. אַזױ האָט די געזאַמלט אַלע כּלל טיער, נאָר מיט דעם אינטערשיעד, וואָס יענע פּייגל פֿליען בע־גינען אַוועק און, די וועלן שוין שטענדיק היטן אינזער שוואַרץ אָפּל פֿון אויג...

הינה לא ינים ולא ישן, שומר ישראל!... — כ'האָב גע־ענדיקט די טייל רעפּעראַט פֿון אינזער יידישער קולטור־ראָלע... עולם:

— בראַוואָ! אָט דאָס איז אַ ביסל אַרעפּעראַט!

די ערשטע פֿון דער רייע, שטעלן זיך אויף:

— מיר דריקן אייך די האַנט פֿאַר אייער וואַרעמען רע־פּעראַט און גרויסע דערהויבענע ווערטער, וועגן אינזערע דער־גרייכונגען אין דער יידישער קולטור. און אָט פֿון דעם דאָזיקן צווייטן טייל טאַקי פֿון אייער רעפּעראַט וועלן מיר שוין קאָ־מענטירן אין דער פּרעסע...

רעפּערענט בערלינער דיכטער, שיקט צו אַ בריוועלע צו די:

„צוויי הונדערט זלאָטעס אַ וואָך פּענסיע, מיט אַ קאָנ־טראַקט פֿון דער צייטונג „דער טאָפּ" וועט זיין?.."

די פֿון דער ערשטער רייע, שאָקלען מיט די קעפּ:

— יאָ...

רעפּערענט בערלינער דיכטער:

— איצט האָב איך נאָך צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער... (די פֿון דער ערשטער רייע זעצן זיך צריק אויף זייערע ערטער) צוואָנציק טויזנט דאָלאַר זאָל געשאַפֿן ווערן פֿאַר דער שיינער יידישער ליטעראַטור בעזינדער...

(אַ בעוועגונג הינטן, פֿון די, וואָס גייען אין צעריסענע קאַמאַשן, אָפּגעריבענע פּאַלטנס און פּערדרייטע דאַשקעס:)

— צוואָנציק טויזנט... צוואָנציק...

בערלינער דיכטער:

— פערציק!...

די זעלבע, מיט די פערדרייטע דאַשקעס:

— פערציק?...

בערלינער דיכטער:

— יאָ... פערציק...

(ער גייט אַראָפּ פון דער טריבונע, אַ גרויסע בעגייסטע-
רונג הינטן, אַ שטאַרק פרייען זיך אויבן אין די ערשטע רייען,
ווי מען רינגלט אַרום דעם בערלינער דיכטער)

## קאַפּיטל פופצן

מיסטער בינאָקל ביי רבקהלע פיינגאָלד אין ראַפּאַלאָווי־טשעס שטיב. רבקהלע קימט מיט אים פון דער טיהר.

רבקהלע פיינגאָלד:

— אוי, איר זענט היינט געקימען?

מיסטער בינאָקל:

— האָסט זיך מיך געהייסן שטענדיק קימען צי דיר צי גאַסט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אוי, היינט נישט... איך האָב נעכטן פערברענגט מיט „אים" אין טעאַטער, איז ער געבליבן אויף אַ גאַנצע נאַכט מיט יענער... וועט ער מסתמא די היינטיקע נאַכט פערברענגען שוין מיט מיר...

מיסטער בינאָקל:

— יאָ, ביסט געווען נעכטן אין טעאַטער?...

רבקהלע פיינגאָלד:

— געוויס...

מיסטער בינאָקל:

— ני, ס'איז טאַקי אַלץ אמת, ווי כ'האָב דיר געזאָגט?...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַלץ, פּינקט אויף די האָר... זי איז טאַקי אַ פּרינ־

צעסין... קימט פין די אַפריקאַנער וועלדער... און איך ווייס... מסתמא איז זי מיין בעל ביתטע אויך...

מיסטער בינאַקל:

— יאָ... אָט אַזוי איז עס טאַקי...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני גייט זשע טאַקי, גייט זשע... וואָרן איך קוק אים שוין אויס... און חלילה, ער זאָל אייך דאָ טרעפן...

מיסטער בינאַקל:

— אַן אַנדער מאָל, רבקהלע?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— כ'ווייס נישט...

מיסטער בינאַקל, בעהטנדיק:

— רבקהלע... אפשר וואָלסטי מיך כאָטש איינגעשלאָסן אין דיין קאַסטן אַריין, אַז איך זאָל קענען כאָטש זעען, ווי ער פערברענגט מיט דיר...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַזוי גליסט דיך?...

מיסטער בינאַקל:

— יאָ...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני דערלויב איך דיר צי געהבן מיר אַ קיש... נאָר לייגן דיך אין קאַסטן אַריין קען איך נישט... ווייל ווי לאַנג די וועסט דאָ ליגן, וועט ער נישט קענען קימען... כ'האָב נעכטן געזעען טאַקי, אַז ער איז דער אמתער מכשף... ער וועט דיך דער-שפירן...

מיסטער בינאַקל:

— ני גיט, רבקהלע... ני גיט... גיי איך זשע שוין טאַקי-אַוועק, ווייל איך וויל דיר „איבן" נישט אויפהאַלטן...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אָבער היינט ליעבסטי מיך שוין, נישט ווי דעמאָלט אינטערן וועגטל; ביסט געשטאַנען און געבעלגאָטשעט...

מיסטער בינאָקל:

— אוי, ליעב איך דיך היינט...

רבקהלע פיינגאָלד:

— וואָס קימט אָבער דערויס, אַז איך ליעב שוין „יענעם"...

מיסטער בינאָקל:

— מילא... פערפאַלן...

רבקהלע פיינגאָלד:

— ני, גיב מיר אַ קיש... (ער גיט איר אַ קיש) און איצטעט גיי...

מיסטער בינאָקל:

— אַ גיטע נאַכט.

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַ גיט יאָר... (בעגלייט אים אַרויס צי דער טיהר. ווען זי קעהרט זיך צריק, הערט זיך אַ סערענאַדע פון אינטערן פענסטער.)

אַמעער וואָלסטי, מיידל,
פערשלאָסן מיך אין קאַסטן,
די וואָלסט שוין געמעהגט
אַגאַנצע נאכט פאַסטן...
„ער" וואָלט שוין נישט געקימען
איצטער צי דיר,
ווידער אָנקלאַפּן
באַלט אין די טיהר...

אַזוי אָבער גיי איך

און, ווידער באַלט קים איך...
און ווי-אַרים די וואַרפסט מיך,
אויף די פיס אַלץ שטייען בלייב איך...
און ווי-אַרים די וואַפסט מיך,
קים איך אַלץ צריק...

און כאַטש די ווילסט נישט,
געניס איך דאָס גליק...
און לסוף וועסטי בלייבן
פאַר אַ טייך אויף אַ בריק,
אָדער גאָר בעסער —
מיטן האַלז אויף אַ שטריק...

רבקהלע פיינגאָלד שפּיצט אָן די אויערן צים פענסטער־די גאַנצע צייט. באַלט דערהעערט זיך אַ קלאַפּ אין די טיהר, זי שפרינגט צי, עפנט, קימט צריק מיט מיסטער בינאָקל.

מיסטער בינאָקל, בלייבט שטייען אין מיטן שטיב, גיט אַ קיק אין דער ליפט:

— ווער איז דאָ געווען, אַ פרעמדער מאַנספערשוין, ער האָט דיך געקישט?...

רבקהלע פיינגאָלד:

— מילא, איין מאָל אין אַ יובל... (לאַכט) וואָס אי, אַז די ביסט נעכטן געווען מיט דער פריינצעסין מיס כאַשאַ כאַשיש?...

מיסטער בינאָקל, נעמט אַרויס דעם מאנאקל, גיט אויף איר אַ קיק:

און די טראָגסט דאָך... פין ווערהמען?...

רבקהלע פיינגאָלד, לאַכט:

— אויב אַ קליין כשופמאַכערל, איז עס פין דיר...

מיסטער בינאָקל, נעמט אַראָפ דעם מאנאקל, זעצט זיך־

צים טיש, רבקהלע אויף זיין שויס.

רבקהלע:

— די ווייסט, אַז כ׳וועל עס האָבן באַלט...

מיסטער בינאָקל:

— וואָס, שוין אַזוי גיך ?.. איז עס דאָך טאַקי נישט פין מיר.

רבקהלע:

— און אויב נישט פין דיר, איז עס פין דעם אַנדערן...

מיסטער בינאָקל:

— אַכיבע אַזוי... אַכיבע די האָסט אַן אַנדערן...

רבקהלע:

— געוויס וועל איך מיך נישט בעגגיגענען מיט איינעם...

מיסטער בינאָקל:

— סיידן אַזוי... (קליינע ווײַלע) איז וואָס זשע ווערסטי טיען דערמיט ?..

רבקהלע פיינגאָלד, לאַכט:

— וועל׳מיר שוין געפינען צי טיען...

מיסטער בינאָקל:

— ביין... איך האָב מורא...

רבקהלע:

— ע, „פשופּמאַכער״... וואָס האָסטי שוין מורא ?.. וואָס דאַרפסטי שוין קלערן ?..

מיסטער בינאָקל:

— די ווערסט אפשר גייען צי אַן אַקושערקע ?

רבקהלע:

— נאָכוואָס ?

מיסטער בינאָקל:

— גאָרנישט... זי זאָל עס נאָר איבערבעטן דאָס געלעגערל...

רבקהלע:

— ס׳איז מיר אַ שאָד... אוי, וועט עס זײַן „צי האַרט צי שלאָפן״ נאָך דער אַקושערקעס איבערבעטן...

מיסטער בינאָקל:

— וואָס זשע דען ווערסטו טיען ?..

רבקהלע פײַנגאָלד, גיט אים אַ גלעט איבערן קאָפּ:

— גאָרנישט... עס דערוויל, טרינק, לאָמיר דעם קליינעם גישט שטערן...

מיסטער בינאָקל:

— ווערסט עס אינטערוואַרפן דער יידישע גמינע... אָדער אַ יידישער רעדאַקציע...

רבקהלע:

— ני, וועלן מיר שוין שפּעטער זען... (ברענגט ליקער)

מיסטער בינאָקל, גיעסט אָן צוויי גלעזלעך:

— ני, לחיים !..

רבקהלע:

— לחיים, איך טרינק פאַר דעם „כשוף״ וואָס די האָסט מיר געטיען...

מיסטער בינאָקל:

— איך דאַנק. לחיים...

רבקהלע, טרינקט אויס, זעצט זיך צריק צי אים אויף דער שויס, גלעט אים איבערן קאָפּ:

— די העערסט... טײַלמאָל דאַכט זיך מיר, אַז דאָס „קליינע״ נעמט שוין אינטער עפּעס אַ רײַזע קיין אַפריקע ..

מיסטער בינאָקל:

— וואָס הייסט ?..

רבקהלע:

— עס „מאָנדרעווועט״ שוין עפּעס אינערווייניק... ווער

וייסט, אויב עס שטעלט שוין נישט צינויף אן אעראפלאן...

מיסטער בינאקל:

— גיי שוין, גיי... די שפאסט...

רבקהלע:

— א כשופמאכער... א זיהן פין א כשוצמאכער...

מיסטער בינאקל:

— זאג מיר, וואס זעהסטי אין דעם, וואס די ווילסט עס נאך גאר „כאווען" ?..

רבקהלע:

— ערשטנס „א כשופמאכער", וואס לאדעוועט שוין זיין ערשטע רייזע קיין אפריקא... און צווייטנס זעה איך אין דעם דיך אליין... ני, ווי קען איך עס אוועקווארפן אינטער א פלויט ?..

מיסטער בינאקל:

— אבעם ווי אזוי איז עס געקימען צי דיר ?..

רבקהלע:

— איך רעכן, אז פין אינזער ערשטן פליען אויף אן אע-ראפלאן... געדענקסט דעמאלט... ווען די האסט מיך געפרעגט: „וואס איך פיהל איצטער ?.." און אפשר אויך גאר פין דעם ערשטן מאל שטיינדלעך ווארפן... געדענקסט דעמאלט ?..

מיסטער בינאקל:

— איך געדענק עפעס יא, נאר איך ווייס נישט אויף ריכטיק...

רבקהלע:

— עס, עס, כ'לעהבן, נעם, בייס עפעס צי. (ריקט אים אינטער א שטיקעלע טארט) און, אז דער בעל-הבית וועט קי-מען צי פאהרן די טעג, זאל ער נישט האבן צי זאגן, אז כ'האב אים אויסגעברענט אסך עלעקטרי...

מיסטער בינאָקל:

— ווילסט שוין פערלעשן דעם עלעקטרי?..

רבקהלע:

— יאָ, מיין ליעבער... נאָר עס אָפּ, ס'איז נאָך צייט...

מיסטער בינאָקל:

— דיין בעל בעתטע קימט שוין צי פאָהרן די טעג?

רבקהלע:

— די ווייסט דאָך בעסער...

מיסטער בינאָקל:

— מסתמא...

רבקהלע:

— און יענע מאַכט נישט קיין ברית?..

# קאַפּיטל זעכצן

רעדאַקציע צימער. רעדאַקטאָר עטי פּייטי. סעקרעטעער. בערלינער דיכטער.

בערלינער דיכטער:

— ני, דאכט זיך מיר, איצט האָט שוין קיינער נישט דאַגעגן מיין אַריין... די שטרעהבונגען פין איינזער „קולטור"־משפּחהלע פערשטיי איך, מען קען זיך נישט שעהמען מיט אַזאַ מיטגליד...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— וואָס האָט איר געזאָגט אַזוינס אין אייער רעפּעראַט?

בערלינער דיכטער:

— אַלץ, וואָס עס האָט געוויזן, אַז איך בין די משפּחה ווערט. איך האָב אַן איבערבליק געגעהבן איבער די פערדיענסטן קייגן דער יידישער קולטור, פין אייניקע פּערזאָן, צווישן וועלכע איר גייט אויך אַריין... אויך די איבעריקע האָב איך, מיט גרויס טאַקט און פעיקייט צי שילדערן — געגעהבן זייער פלאַץ, הויפּטזעכליך די הינענדיקע מיטאַרבעטער, האָב איך אַביסעלע דערהויבן... איך האָב געשמיעסט וועגן דער פלאַמענדיקער באָרד, די וואָס איז זיך גרייט מקריב צי זיין על כל צרה שלא תבא, פאַר יידן. און אַז דאָנערשטיק,ביים קאַסעכנעס צרל פין דער רעדאַקציע, נעמט ער די פעניסיע מיט גרויס

נישט ניחהקייט. ווייל ווער ווייסט נאָך ווי ער, אַז זיין ‏[illegible] היהדות, באַלט פֿין זינטאָג אין דער פֿריה אָן... האָט שוין לאַנג זיין פּענסיע פֿערברענט — און אַז איצטער נעמט ער נאָר בלויז „שמאַטקעלעך". אַ פֿערבלאָנדזשעטער שטייט ער ביי דער קאַסע און פֿרעגט גאָט: „לפני מה אני עמל? אַך גאָט, יאָ געלט, נישט געלט, נאָכוואָס געלט?.." ביז ער לייגט עס אין דער טיפֿסטער ביזעם קעשענע, און אויף די שטיגלעך, אַראָפּגייענדיק פֿין רע-דאַקציע, פֿרעגט ער נאָכאַמאָל דאָס אייגענע: „צי וואָס געלט?" און ציילט עס זיך איבער בסתר, שטיליטשקערהייט... נאָך דריי מאָל, נאָכדעם, ווי דריי מאָל האָט ער עס שוין געציילט ביי דער קאַסע. אַ צעבראָכענער לאָזט ער עס אַראָפּ נאָך טיעפֿער און ריקט זיך אַהיים דערמיט, אינטערבאַמקענדיק אַ ניגעלע פֿין אַלשיך הקדוש. כ'האָב גערעדט וועגן די לייסטונגען פֿין אייער צייטונג פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור מיט דעם ראָמאַן „אויף זיבן שלעסער" און מיט „די געהיימענישן פֿין האָטעל בריסטאָל". כ'האָב אויך גערעדט וועגן די פֿערדיענסטן פֿין רעדאַקטאָר פֿין „קאָנגרעס-היט": „דאָס דיענסט מיידל", די שיינע בערטהאַ", „דעם סולטאַנס האַרעם". דאָס אַלץ האָב איך דערהויבן אין מיין רע-פֿעראַט צי „קולטור ווערהן". די באַנדע האָט דערזעען, אַז איך בין דעם שידוך ווערט, אַז איך בין אַ „צאַצקע", ווער שמיעסט נאָך, ווען איך האָב אָנגעהויבן שמיעסן וועגן אינזערע געזעלשאַפֿטליכע לייסטונגען. דערנאָך האָב איך ערשט גענימען רעזומירן און אָנצייכענען די וועגן, אויף וועלכע די יידישע קול-טור דאַרף ווייטער גייען. צים ערשטן: עפֿענען אַ טיהרל פֿאַר אַריינפֿיהרן פֿרישן שטאָפֿוועקסל אין דער פּרעסע. וואָרן, אַ טאָמער איז ווייניק דאָס „קאַפּאָטקעלע", וואָס שטעלט אַ בריות-דיק „טשאָלענט", לכּבוד שבת, אין דער פֿרייטיקדיקער צייטונג... „אַ טאָמער איז ווייניק דער פֿלאַמענדיקער ייד מיט דער רוי-

טער באָרד, מיט זיין אלשיך הקדושדיקן נאָכזיפצעלע אויף יידישע פּיין? דעסגלייכן דער גרין-אויגיקער מיטאַרבעטער פין „קאָנגרעס היט" און אייער „גלייכער שפיגל" — אויף אַרימצינעמען און „אַרימציאַרבעטן" אַלע יידישע אינטערעסן און „געשעפטליך" פין צדקה-חברות, אַ טאָמער טאַקי?.. האָב איך פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל מאַכן אַ נייע „בליט-טראַנספוזיע"... טאַקי מיט מיר... אַזוי האָב איך געזאָגט. האָבן זיי אַראָפּגעלערנט פין דעם דאָזיקן „אָנציגעהערעניש", אַז מען דאַרף מיר טאַקי אויפמאַכן דאָס „טיהרעלע"... און ווייטער, מיט די איבעריקע... ס'הייסט מיט די איבעריקע אויף גאָטס וועלט, די מיט די צעדרייטע קאָמאַש-לעך און פערדרייטע, נעבעך, דאַשקעס, האָב איך שוין קיין לאַנגע שהיות נישט געמאַכט — כ'האָב זיי ציגעזאָגט אינגאַנצן אַ „פּערציק טויזנט דאָלאַרלעך".

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— האָסטי אַזוי געטיען?

בערלינער דיכטער:

— אַלץ...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— און אָן קריגעריי?

בערלינער דיכטער:

—חלילה. גאָרנישט קריגעריש. כ'האָב אַזוי געציילט איינס און צוויי — לינקס, רעכטס. אָבער גאָרנישט קריגעריש.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— גאַנץ גיט. און ס'איז בעשטעטיקט?..

בערלינער דיכטער:

— ציגעשיקט מיר אַ בריוועלע, אַז איך קריג אַ שטעלע מיט אַן אָפּמאַך...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אַי, גנבֿל. ווי וועל איך דיר נעמען אַן אָפּמאַך?

בערלינער דיכטער:

— נישט קשה, מען וועט שוין מאַכן...

אַ קלאַפּ אין די טיהר. עס קימען אַריין, שרייבער אַפּאָ-טייטעס מיט אַ טשעמאָדאַן, ווי ערשט פין געוועלב, און סאָ-ביעלע, מיט אַ קלייד אויף דער האַנט, ווי ערשט פין דער שניידערין.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— גיטן אָוונט! (גיבן זיך די הענט) כ׳האָב די עהרע... די איז מיין כלה.

אַלע שטעלן זיך אויף. זי דערלאַנגט אַלע די האַנט.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— האָב איך עפּעס געשטערט? (קיקט זיך אַרים אויף אַלע)

אַלע:

— ניין, ניין, ניין.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— איך האַלט, פערשטייט איר מיך, ביי פּאַקן זיך און אַוועקפאָהרן.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ני, האָט איר עפּעס צי ערליידיקן, הע? (צים בער-לינער דיכטער) איך וועל אייך אפשר בעהטן, איר זאָלט דערווייל דאָרט אַריינגייען... אויף אַ מיניטקעלע.

בערלינער דיכטער:

— גיט. (אָפּ)

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, אָננעמענדיק אַפּאָטייטעסן ביי אַ זייט:

— ני איז וואָס זשע, איר פאָרט שוין טאַקי? הע?

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— יאָ, מיט מיין כלה.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— זיצט. (אַלע זעצן זיך) איך זעה, אַז איר זענט שוין טאַקי גרייט אַלע מיט די זאַכן, האַ? אַמעריטשקע ציהט? און איך אויך, פריילין?

סאָניעלע:

— איך וואָלט מלך, וואָס אַן אמת נישט געאיילט. איך וואָלט געוואָלט, וואָס אן אמת, נאָך לענגער .פערברענגען אין דער היים. וואָס פעהלט אינז דען דאָ הי?

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— נאָר ער...

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— אַך, אַזוי וויניק ציים.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— אַ, איר איילט זיך? וואַרט, וואַרט. כ׳האָב נאָך דאָ עפּעס מיטן סעקרעטעער... גייט איר אויך אַביסעלע אַרויס אַהין דאָרט, יאָ?

שרייבער אַפּאַטייטעס שטייט געשווינד אויף מיט דער כלה. ביידע אָפּ.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— וואָס האָט ער אָפּגעטיען פאַר אַן אַרבעט?

סעקרעטעער:

— ני, דאָס אַרימגייען אין אָרעמען קוואַרטאַל, די פאָטאָגראַפיעס... און געשריבן וועגן דער אָרעמקייט אַ צעען אַרטיקלען. אַביסל ציפיל, מיין איך.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— צעען? ניין, נישט ציפּיל מען דאַרף. ס׳האַלט פאַר אַ „דרייוו״, נאַרעלע.

סעקרעטעער:

— דער דירעקטאָר, געהבנדיק די הלואה, האָט געזאָגט: ער אַליין אָנערקענט, אַז אינז קימט אַ גרעסערע... נאָר ער קען דאָך נישט אָן אַ העכערן בעפעהל.

רעדאַקטאָר:

— נו וואָס זשע וועט זיין?

סעקרעטעער:

— ער וואַרט אויף אַ דירעקטיוו.

רעדאַקטאָר:

— פין דער הייך, האַ?

סעקרעטעער:

— נו יאָ.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— מילא, מסתמא... דער קאָמיטעט צי לינדערן די יידן אין פּוילן, ער וועט דאָך נישט זיצן ליידיק. אויך מיר העלפן דאָך: פאָטאָגראַפיעס... מעשיות, נאָך ארבעט, נאָך... אַלזאָ, קימט אים, זאָגט איר, פאַר צעען אַרטיקלען? ריפט אים אַריין.

סעקרעטעער שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דאָרך דער טיהר, עס קימט אַריין שרייבער אַפּאָטייטעס מיטן טשעמאָדאַן.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— נו, וואָס האָט איר געמאַכט?

שרייבער אַפּאָטייטעס, שטעלט דעם טשעמאָדאַן אויף אַ שטיהל, הייבט אים אָן אויפצישליעסן:

— עס גייט נישט אין מאַכן. (נעמט אַרויס פין טשעמאָדאַן אַ פּאָרטפעל) נאָר אין זיכן. (עפנט דעם פּאָרטפעל, נעמט אַרויס

אַ פאָטאָגראַפיע) אַט האָב איך נאָך געפינען.

רעדאַקטאָר עטי פייטי, בעקיקט:

— ס איז גיט.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— אָבער דאָס אַלץ ליגט נישט אָנגעגרייט...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ווער איז דאָס? אַ זעלנער, זעה איך. אַ טויטער מיט ליכט ציקאָפּנס.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— ס'איז אַ יידישער זיהן, קימט פין די זעלנער, טרעפט דעם טאַטן אפגעהויבן, געשטאָרבן פין הינגער. נישט דערלעהבט צי זעען די איינציקע טרייסט.

רעדאַקטאָר עטי פייטי, גיט אים אַ קיק אָן:

— אָט אַזוי טאַקי זאָל עס הייסן: „נישט דערלעהבט צי זעען די איינציקע טרייסט"... און אויסגעגאַנגען פין הינגער.

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— ני, זעהט איר שוין? אָט דערפאר טאקי דאַרף מען נעמען בעצאָלט.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ני מילא, ס'איז געמשוהט פין שטיק. (צים סעקרע- טער) צייל איבער וויפיל... און די אַרטיקלען... און בע- רעכן.

(סעקרעטער בערעכנט)

שרייבער אַפּאָטייטעס:

— כ'האָב געמיינט צי קריגן פאר אויסצייכענען זיך, פאר יעדן אויפטיה. אָבער איר בעלוינט מיך נישט.

רעדאקטאָר עטי פייטי:

— נ...ב... וואָס דינגט איר זיך? צי וואָס? אָט האָט איר געלט, פּאָפּולאַריטעט...

סעקרעטעער, דערלאַנגט דעם רעכענונג:

— א קיילעכדיקע סומע.

רעדאַקטאָר, בעקיקט דעם רעכענונג:

— נישט קשה. (נעמט ארויס א נאָטיצל, שרייבט אויף א קוויטעלע, דערלאַנגט עס אַפּאַטייטעסן)

שרייבער אַפּאַטייטעס, נעמט עס:

— ווען?..

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— מאָרגן שוין, ביי דער קאַסע.

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— האָט זשע מיר אַ גיטע נאַכט. איך אייל. מיין כלה וויל איך נאָך אַריינשיקן געזעגענען. (שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דאָרך די טיהר. סאָניעלע קימט אַריין) געזעגן דיך.

סאָניעלע:

— אַ גיטע נאַכט. בלייבט געזינט. (גיט דעם רעדאַקטאָר די האַנט)

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— איר פאָרט שוין טאַקי? אַך, אַמעריטשקע. האַ, מאַכט אַ גליקליכע חתונה. ווי דאָרט?..

סאָניעלע:

— כ׳ווייס נאָך נישט, ווי... געוויס דאָרט...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— כ׳ווינטש גליק...

סאָניעלע:

— כ׳דאַנק, בלייבט געזינט.

שרייבער אַפּאַטייטעס:

— ני, בלייבט געזינט. (גיט דעם רעדאַקטאָר די האַנט, אויך דעם סעקרעטער. רעדאַקטאָר בעגלייט אים און די כלה אין דער טיהר אַריין. אַפּאַטייטעס מיט דער כלה אָפּ. רעדאַקטאָר בלייבט שטייען אין דער אָפענער טיהר פין וואַנען עס הערט זיך אַ געזעגענען צווישן דעם פּאָר און דעם בערלינער דיכטער. בערלינער דיכטער קימט נאָך, ווען דער רעדאַקטאָר קעהרט צריק צים שרייב טיש)

בערלינער דיכטער:

— קוים אַמאָל...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— מילא, זיי פאָרן אַוועק, ער איז מיט דער כלה, האָט זיך פערצויגן אַביסעלע... ס'פּאַסט נישט... (קליינע ווײַלע) וואָס זשע זאָגט איר? איר בעשטייט אויף דער פענסיע? (שרייבט אָן אַ ציפער) וועל איך אייך שוין געהבן אַן אָפּמאַך אויך.

בערלינער דיכטער:

— פרע...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— וואָס?..

בערלינער דיכטער:

— ס'איז נישט נאָך מיין וועהרט...

רעדאַקטאָר עטי פייטי, ישובט זיך אַ ווײַלע, אַגן פערלעגנהייט:

— ני...

בערלינער דיכטער:

— וואָס פאַר אַ ני? מען דאַרף קולטור ביי יידן? (ביידעס בליקן בעגעגענען זיך פליצלינג, קיקן זיך שטיל אָן. פויזע)

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— הכלל... (פּעריכט דעם פריער אָנגעשריבענעם ציפּער) ביידע קיקן זיך נאָכאַמאָל שטיל איבער אין ציזאַמענהאַנג מיטן נייעם ציפּער. דער רעדאַקטאָר שטרייכט אים איבער מיט בליי) ני, אַט אַזוי איז עס... (צים סעקרעטעער) איר וועט אָנגרייטן אויף מאָרגן אַן אָפּמאַך.

סעקרעטעער:

גיט.

בערלינער דיכטער:

— איצטער, אַ קליינטשיק הלוואהלע ביי דער „געזעל-שאַפט צי העלפן יידן אין פּוילין". איך וויל נאָר, איר זאָלט עס שטיצן.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי מעטי פּייטי:

— ציניקער... איר זענט דאָך אַ ציניקער. איר לאַכט דאָך אויס מיר... און וואָס, מיינט איר, בעשטייט דען מיין כח, אַז איך זאָל זיי זאָגן אַ דעה.

בערלינער דיכטער:

— גיט מיר די צייטונג אויף אַכט טעג... אינטער מיין רשות נאָר...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי מעטי פּעטי:

— „ראַזבויניק" (גיט אים אַ גלעט) דיכטערל, גנבל.

בערלינער דיכטער:

— אַדרבה, מאַכט אַ פּרוּוו...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

„ראַזבויניקל", מיר מיזן דאָך יענע אויך טאָלערירן. פאַר-וואָס, מיינט איר, קענען מיר זיין די „חרטומימלעך", מיט די „סודותלעך"? ווי, מיינט איר, וואָלט מען געדילדעט מיינע מעשיות פין „כשוף" און „שדימלעך" אין דער צייטונג? אָט האָבן

דיך גאָר די זשורנאַליסטן און די רעדאַקציעס געוואָלט פערזעען, האָסטי שוין געוואָלט אָנלייגן אַ פייער. ס׳מיז דאָך זיין אימבעררליכקייט... דאָס איז דאָך אויך געווען דער יסוד פין מצרים. מען דאַרף דעם פאָלק געהבן נסים... אַמאָל פין געטער, און אַמאָל, אַז מען דאַרף, — פין שדים, ווילסטי עס אויסזאָגן סודות? אַ דאַנק די שדים האָב איך דאָך ציגעצויגן דאָס פאָלק, מיט וואָס איך האָב ווידער אַ כּח איבער די אינטעליגענץ. אָבער ס׳מיז דאָך זיין אַ גלייכע מאָס, נישט איבערציען. ס׳דאַרף זיין גלייכגעוויכט אין דער העכערער קאסטע, איינער זאָל דעם צווייטן נישט איבערקערן, אַז דאָס פאָלק זאָל טריאומפירן איבער איבז. איר זאָגט, אַז מען שווינדלט? און איר, וואָס טיהט און דאָס פאָלק איינער ביים אַנדערן? דער אַרבעטאָרער ביים מייסטער, דער מייסטער ביים אַרבעטאָרער, דער מילך ייד ביי זיי ביידע און ביידע — ביים מילך ייד, אַפילו ביים צייטונגספערקויפער. אַפילו איין אויג ביים צווייטן גנבעט... יעדער מענטש האָפט אויף אַ שאַנס, אַז דער צווייטער זאָל עפּעס נישט דערזעען, עפעס נישט דערהערן, אָדער עפּעס נישט דערציילן אין דער צאָל... און טראָג אַריין אין פאָלק דעם אמת אויף איין טאָג, וועסטי זעען באַלט, ווי עס וועט דערשפּירן, אַז די ווילסט עס אויסראָטן... אָט נעמסטי דאָך ביי יעדן צי דאָס געוועהר, מיט וואָס ער שווינדלט זיך אַדאָרך דעם טאָג. לאָז זי בלייבן, די מענטשהייט, אַ גנב ביזן קבר אריין!

סעקרעטער, ריפּט אָפּ דעם רעדאַקטאָר אין אַ זייט, שטיל:

— איר האָט זיך שוין ציפיל פערעדט.

רעדאַקטאָר עטי פייטי מעטי פעטי, גיט אַ היעסעלע, גייט צריק צים טיש:

— ני הכּלל, איך וועל דיך שטיצן. נאָר געדענק די יידישע קולטור.

בערלינער דיכטער:

— ני איז גיט. איז אַלץ גיט. ני, האָט זשע מיר אַ גיטע נאַכט! (געזעגנט זיך, אָפּ)

סעקרעטעער:

— דער איז אַ פויגל.

רעדאַקטאָר עטי פייטי, קראַצט זיך אינטער אַן אויער און קיקט אין בעליק אַריין.

— וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן?.. (פויזע)

מען קלאַפּט אין די טיהר.

סעקרעטעער:

— אַריין!

עס קימען אַריין דריי יידעלעך, שטיל, אויף די שפּיצן געהגל, מיט פּאָרזיכטיקייט אין די אויגן.

סעקרעטעער:

— וואָס האָט איר געוואָלט זאָגן?

אַלע דריי שטעלן זיך פאָר:

— פין תומכי ענים.

— פין רופא חולים.

— פין בית לחם.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— יאָ, יאָ.

איינער פין די דריי:

— אינזערע חברות דאַרפן טיילן דעם פאָלק אויף יום טוב...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— דעם פאָלק?..

דער איינער:

— דער אָרעמקייט...

רעדאַקטאָר:

— ני יאָ...

דער איינער:

— ני, איז וואָס זשע טיהט מען?

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— בעצאָלט די אַכציק פּראָצענט...

דער איינער:

— ווען דאָך יידן נישט האָבן אויף יום טוב.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, אַביסעלע דערשטוינט:

— האַ, וואָס זאָגסטי?

דער איינער:

— איז מיין עצה, אָרגאַניזירן באַלט נאָך יום טוב אַ צווייט בלימעל, אינגאַנצן נישט פאַר אינז... מיר שוין גאָרנישט... איר פערשטייט... אָפּציגעהבן פאַרן ערשטן...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— האַ, וואָס? (קיקט זיך איבער מיטן סעקרעטעער, מיט אַ פּאָרוואָרפליכן בליק. צו די יידן גייט, זייט זשע מוחל, אַרויס אַ מיניט. (די דריי יידן ריקן זיך אַרויס אינטערוויילעכס) ני, וואָס זאָגסטי, האַ? די זעהסט שוין?..

סעקרעטעער:

— ס'איז נישט גיט. אַז געלאָזט פאַלן אַזאַ וואָרט, איז שוין נישט גיט...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— לאָמיר נאָר פּריוון ווירקן אויף זיי.

סעקרעטעער:

— מ'וועט מיזן איינגייען אויף אַ צווייט בלימעל... ס'איז פערפאַלן.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— וואָס רעדסטי. דאָס צווייטע איז גאָרנישט. דער עיקר גיבן יידן ווען זיי דערהעערן דעם שופר. ס'איז אויך צווישן די ימים טובים, מען ווייסט, אַז די חברות דאַרפן פענאַנדיגער-טיילן פאַר אָרעמע לייט, גיבן יידן, אַזאַ בלימעל איז אַ סעזאָן-בלימעל. אָבער נאָך סוכות, ווען די אָרעמע לייט האָבן שוין אָפּגעגעסן, ווער אַ גראַשיצע, ווער אַ מאָרדעלע — אַ שטיקל קאָפּ-פלייש, און די רייכע: די זינד שוין אויסגעשאָקלט אין וואַסער אַריין, די הושענות אָפּגעקלאַפּט, און דאָס גיטע קוויטל איז שוין אין קעשענע, איז וואָס וועט דעמאָלט וועהרט זיין דאָס צווייטע בלימעל? פּועל ביי זיי אויס פינפאונצוואָנציק פּראָצענט פין דעם איצטיקן, חוץ דאָס גאַנצע פין דעם צווייטן.

סעקרעטעער גייט צי דער טיהר, לעהנט זי אויף. עס קימען צריק אַריין די דריי יידן.

סעקרעטעער:

— ני, וואָס ווערט? אַכיבי איר ווילט זיך גטן מיט אינז אויף ווייטער... אוי, יידעלעך, יידעלעך, אָנפּייפערס...

רעדאַקטאָר כאַפּט דעם פּאַלטאָ מיטן היט, מיטן שטעקן פין דער וואַנט אַראָפּ.

אַלע דריי:

— חלילה, חלילה...

רעדאַקטאָר אַנטלויפט אַרויס.

סעקרעטעער:

— ני, איר זעהט שוין, וואָס איר האָט געמאַכט?.. (לאַנ-גע פּויזע, אייבער קיקט אָן דעם אַנדערן)

## קאַפּיטל זיבעצן

אין זאַאַ" פֿין ליטעראַטן און זשורנאַליסטן-פֿעראיין, דער דאָרטיקער סעקרעטער, אַ דעלעגאַט. דער לעצטער קימט אַריין.

פֿעראיין-סעקרעטער:

— אַ, וועהמען כ'האָב דעם כּבוד...

דעלעגאַט:

— די דרייסיק יינגעלייט, פֿערשטייט איר מיך, כאָטש זיי האָבן איבערגעגעהבן אין דער גאַנצער יידישער פּרעסע דעם פּראָטעסט קייגן די צדקה-געזעלשאַפֿטן, אַז זיי האָבן די ערשטע בעגנבעט די צעען פּראָצענט פֿאַרן פֿערקויפֿען דאָס בלימעל אויף דער גאַס, האָט פֿין אַלע צייטונגען פֿערעפֿנטליכט דעם פּראָטעסט נאָר די צייטונג „דער טאָפּ". איצטער בין איך דאָ אַלס דעלעגאַט פֿין די דרייסיק, צי פּראָטעסטירן פֿאַרן פֿעראיין קייגן דער רעדאַקציע „דער קאָנגרעס היט", קייגן דער רעדאַקציע „דער דראָנג" און קייגן דער רעדאַקציע „דאָס פֿיש-ברעהטל". די אַלע דריי מיזן פֿערעפֿנטליכן איינזער פּראָטעסט קייגן די צדקה-חברות, פּינקט ווי עס האָט פֿערעפֿנטליכט „דער טאָפּ".

פֿעראיין סעקרעטער:

— וואָס קען דער פֿעראיין טיען דער פּרעסע?

דעלעגאַט:

— אירע מיטאַרבעטער זענען אייערע מיטגלידער.

פעראיין-סעקרעטעער:

— אַ שטרייק?

דעלעגאַט:

— איך ווייס נישט, אַ סאָציאַלע אונגערעכטיקייט איז געשעען. די צדקה חברות האָבן אָפּגעגאַרט די בלימעל פּער־קויפער אויף דער גאַס, אַז מען וועט מכלומרשט עפענען, אין זייערע אויגן, די פּישקעס, ערשט מאָרגן אינדערפריה... צום סוף, האָבן זיי ביינאַכט געעפנט, אינטער זייערע אויגן, און זיי לאָזן זיך ריפן קנאַקניסל...

פעראיין סעקרעטעער:

— שאַט, איר זענט גערעכט, איר האָט אַ פאָרמעלן פּראָטעסט, אָדער נאָר מינדליך.

דעלעגאַט, ציהט אַרויס אַ בריעף פון קעשענע, גיט אים איבער:

— דאָ האָט איר דרייסיק חתומות אינטערן פּראָטעסט.

פעראיין-סעקרעטעער, נעמט צו דעם בריעף:

— גוט. מיר וועלן צינויפריפן אַ זיצונג פון אינזער פערוואַלטונג, ענטפער? — קימט אין צוויי טעג אַרים.

דעלעגאַט:

— ס'איז צו לאַנג, ס'געלט וועערט דערווייל „אָפּגעקיהלט"...

פעראיין סעקרעטעער:

— מיין פריינט...

דעלעגאַט:

— נו, מילא, פערפאַלן.

פעראיין סעקרעטעער, גיט אים די האַנט:

— מען מיז וואַרטן...

דעלעגאַט, אַ געזעגנטער, אָפּ.

פעראיין סעקרעטעער, נעמט דאָס טעלעפאָן-רעהרל פון

טעלעפאָן אַפּאַראַט אין ווינקל פון דער וואַנט, ריאיק, שטיל:

— רעדאַקציע „דער טאָג?" (פויזע) איך בעהט דעם סעקרעטער. (פויזע) גיט מאָרגן. סעקרעטער פון ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פעראיין. (פויזע) איך בעהט אייך, ס'איז מיט דריי טעג צוריק געווען אין אייער חשובער צייטונג אַ פּראָטעסט פון אַ גרופּע אינטערשריפטן. (פויזע) יאָ, פון בלימעל פערקויפערס. (פויזע) פּערדיענט דער פּראָטעסט פּציטרוי? ס'איז נישט עפּעס גלאַט אַזוי אַ ציטשעפּעניש? פּערדיענט יאָ, זאָגט איר? (פויזע) מילא, געוויס. אַ סאָציאַלע אימרעכט. פאַרוואָס זשע האָבן עס טאַקי נישט געגעהבן די אַנדערע צייטונגען? (פויזע) און אַודאַי דאַרף מען זיין פּאָרזיכטיק מיט אַזאַ ידיעה. (פויזע) געוויס. אַ גיטן... (פּערלייגט אַ פינגער אויפן טעלעפאָן אָנדריקער) רעדאַקציע „דער קאָנגרעס"? איך בעהט דעם וויצע-רעדאַקטאָר. יאָ. (פויזע) גיט מאָרגן. סעקרעטער פון ליטעראַטן און זשורנאַליסטן-פעראיין. העערט. דאָ איז געווען אַ דעלעגאַט פון די בלימעל פערקויפערס. פאַרוואָס אייער צייטונג פערשווייגט אַ געזעלשאַפטליכע עולה? (פויזע) איר ווייסט, זאָגט איר? (פויזע) וואָס, אַ דרינגענדע זיצונג בעהט איר פון דער פערוואַלטונג וועגן דעם זעלבן ענין? (בלייבט שטייען מיטן רעהרל אַ פערגאַפטער, לייגט דאָס רעהרל אַוועק אויפן אַפּאַראַט.)

אָוונט. אין זעלבן זאַאַל. אַרים אַ טיש זיצן אייניקע פון דער פערוואַלטונג, אייניקע שטייען. אַ בויגן פּאַפּיר ליגט צים פּראָטאָקאָלירן.

פעראיין סעקרעטער:

— ני, חברים, דער סעקרעטער פון דער צייטונג „דער טאָג" איז שוין דאָ.

סעקרעטעער פֿון רעדאַקטאָר עטי פּייטי, קומט אַריין, זייגט זיך:

— גוטן אָוונט.

פֿערוואַלטונג:

— גוט יאָר. (אַלע גייען צו צום טיש)

פֿראַיין סעקרעטעער:

— אויף דער היינטיקער טאָג-אָרדענונג איז די פֿראַגע וועגן די בלימעל פֿערקויפֿערס.

וויצע רעדאַקטאָר פֿון דער צייטונג „דער קאָנגרעס היט":

— אַלס פֿאָרזיצער נעם איך דאָס ערשטע וואָרט. 1) די פֿראַגע פֿאָרמעל צו אָנערקענען, אַז מיר דאַרפֿן זיך פֿערנעמען מיט איר. 2) פֿעסטשטעלן, ווער די אַריינטראָגער פֿון דער אָנקלאַגע זענען געווען. 3) בעשליסן, ווי אַזוי צו רעאַגירן.

פֿערוואַלטונג:

— די ערשטע פֿראַגע שטעלן צו אָפּשטימונג.

וויצע רעדאַקטאָר פֿון „קאָנגרעס היט" הייבט דער ערשטער די האַנט. אַלע נאָך:

— פֿאַר...

אַלע לאָזן צוריק אַראָפּ די הענט.

פֿראַיין-סעקרעטעער פֿאָרמולירט און פּראָטאָקאָלירט:

— דאָרכגעגאַנגען מיט אַלע שטימען... (הייבט אויף דעם קאָפּ פֿון בויגן פּאַפּיר) נו, וועגן דער צווייטער פֿראַגע קען איך רעפֿערירן: דאָ איז געווען אַ דעלעגאַט און איבערגעגעהבןדריי-סיק אינטערשריפֿטן, (ריקט אָפּעער אַ בריעף פֿון אינטערן בויגן) וועלכע פּראָטעסטירן געגן אַזאַ האַנדלונג פֿון די צדקה חברות, אַוועקצינאַרן די פֿערשפּרייטער פֿון בלימעל, און אַליין צו עפּע-נען די פּישקעס... אַלזאָ, פֿעסטגעשטעלט די דאָזיקע האַנדלונג דאָרך דרייסיק אינטערשריפֿטן. (אַלע הייבן די הענט און לאָזן

צריק אָראָפּ. פּעראיין סעקרעטעער פּראָטאָקאָלירט) פּעסטגע־
שטעלט... איצטער די דריטע פראַגע: וואָס בּעשליעסט אינזער
געערטע פּערוואַלטונג וועגן דעם אַרט רעאַגירן אויף דער
האַנדלונג?

סעקרעטעער פין רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— איך בּעהט אַ וואָרט צי דער פראַגע.

וויצע רעדאַקטאָר:

— בּיטע.

סעקרעטעער פין רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— איך מאָטיוויר אינזער בּעציאונג צי דער דאָזיקער
האַנדלונג פין קולטורעל - געזעלשאַפטליכן שטאַנטפּונקט, נישט
חלילה, אַז מיר זענען אַ יוריספּעדענץ-אינסטיטוציע, נאָר אַלס
אַזעלכע, וואָס האָט אין איר אויפגאַבּע צי רעאַגירן אויף די
געזעלשאַפטליכע מאָראַל און עטיק, ווייל בּיי אינז אין די הענט
ליגט פּאַקטיש די מאַכט, די מאַכט פין דער פּרעסע, בּמילא אויך
דער חוב, צי רעאַגירן אויף יעדע נישט געווינשטע דערשיינונג,
דאַדאָרך פין איך דערפאַר, אַז אַלע אַנדערע, היעגע יידישע
צייטונגען זאָלן נאָכטיען אינזער בּיישפּיעל, ס'הייסט, געהבּן דעם
פּראָטעסט...

וויצע רעדאַקטאָר פין דער צייטונג דער „קאָנגרעס היט".

— יאָ, מיר קענען בּאַלט ציטרעהטן צים בּעשליסן, אַזוי
ווי דער חבר ליגט פּאָר. נאָר עפּעס איין קלייניקייט שטערט
דאָ, נעמליך: עפּעס דריי יידלעך, זיי זענען, זאָגן זיי, אַליין
סעקרעטעערן פין היעגע צדקה-חברות, זענען געקימען אין אינזער
רעדאַקציע: „עפּעס דער בּלימעל פּערקויף האָט געזאָלט גיין
פּאַר די רעדאַקציע „דער טאָפּ"... כ'האָבּ זיי נישט פערשטאַנען
קלאָר.

אַלע קיקן זיך שווייגנדיק איבּער. מיטאַמאָל שמייכלען
אַלע. (פּויזע)

סעקרעטעער פון רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— באַלט. איך שטעל מיך אין פערבינדונג מיט מיין רעדאַקטאָר, אפשר האָט ער וואָס צו זאָגן דערצו... (נעמט דאָס רעהרל פון טעלעפאָן אין ווינקל וואַנט) רעדאַקטאָר? (פויזע) איך, סעקרעטעער. הערט איר, ביי דער פאַרוואַלטונגס זיצונג פון ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פעראיין... עפּעס איז מען חושד אינז אין אַ טינקעלע זאַך... אַ מיספערשטענדניש מסתמא, ווי? דאָ, יאָ... די פערוואַלטונג... (נעמט אַוועק דאָס רעהרל פון מויל, צו דער פערוואַלטונג) אויפקלערונג...

פערוואַלטונג:

— וואָס, ער פערלאַנגט אַן אויפקלערונג? געוויס. גע-רעכט.

סעקרעטעער פון רעדאַקטאָר עטי פייטי, גייט צו ביים טיש:

— ניין, נישט דאָס. ער אַליין שיקט צו אַן אויפקלערונג צו'ן אייך...

פערוואַלטונג:

— אַזוי... מסתמא...

סעקרעטעער:

— ער בעהט טאַקי די פערוואַלטונג אויפציהאַלטן זיך. ער שיקט שריפטליך... (סעקרעטעער פון רעדאַקטאָר עטי פייטי אָפּ, אַלע צעשיטן זיך פאָרליך-ווייז, איבערן זאַאַל דעבאַטירנדיק. לאַנגע פויזע)

סעקרעטעער פון רעדאַקטאָר עטי פייטי, קומט באַלט צוריק:

— נו, מיר קענען זיך שוין צוריק זעצן.

פערוואַלטונג, פערנעמט די ערטער:

— איר האָט שוין דעם בריעף דערהאַלטן?

סעקרעטער פין רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— יאָ.

יידן עפענען די טיהר, קיקן אריין, פריער נישט דרייסט.

פעראיין סעקרעטער:

— ווער זענט איר?

יידן ריקן זיך אריין מיט פּאַראַסאָלן, הויכע דענקעס, אַ טייל אין קאַפּעלישן.

— מען האָט אינז געזאָגט, אַז דאָ איז דער רעדאַקטאָר פין „קאָנגרעס-היט"...

וויצע רעדאַקטאָר פין „קאָנגרעס-היט":

— יאָ, וואָס האָט איר געוואָלט?

די יידן, קימען צי נעהנטער:

— אייער מיטאַרבעטער האָט געמסרט אינזערע געשעפטן, אַז מיר האַלטן אויסלענדישע סחורות...

וויצע רעדאַקטאָר:

— ווי, ווען, ווער זענט איר?

יידן:

— יידן מיט געשעפטן אין גאַס...

וויצע רעדאַקטאָר:

— ווי הייסט ער?

יידן:

— זיסבאַק! —

וויצע רעדאַקטאָר, פאַלט מיט דער פלייצע אויף דעם אָנלעהן פין דער שטיהל. (פויזע)

אַלע קיקן זיך איבער. ווען די יידן גייען אַוועק, זעהט מען, אַז דער סעקרעטער פין רעדאַקטאָר עטי פייטי איז אויך נישטאָ.

פערוואַלטונגס-מיטגלידער, לאָזנדיק דעם וויצע רעדאַקטאָר,

שטייען שטיל אויף פון טיש אוועק, שפארן זיך ארויס. (פויזע

עס שפארט זיך איינער אליין צריק אריין דער סעקרע־טער פון רעדאקטאר עטי פייטי. ציגייענדיק נאענט, איינבייגנ־דיק זיך איבערן ווייצע רעדאקטאר פון „קאנגרעס־היט":

— עפעס באטשקעט מען אין גאס, אז אייער צייטונג וויל גיטע אנאנסן פון די סוחרים, וועט זיי אייער מענטש נישט מסרן פאר דער מאכט... א גיטע נאכט. (גיך אפ)

# קאַפּיטל אַכצן

דער פעראיינס-מיטגליד זיסבאַק, פאַר דער פאַרוואַלטונג אין זעלבן זאַל, אָן דעם וויצע-רעדאַקטאָר פין „קאָנגרעס היט" און אויך אָן דעם סעקרעטעער פין רעדאַקטאָר עטי פייטי.

זיסבאַק:

— יידן, רחמנים! האָט רחמנות אויף מיין ווייב און קינדער, נעמט מיר נישט צי דעם ביסן ברויט פין מויל!

פעראיין-סעקרעטעער:

— ווי אַזוי האָט איר גענימען אַנאָנסן?

זיסבאַק:

— וואָס הייסט ווי אַזוי? כ'האָב גענימען...

פעראיין סעקרעטעער:

— געוויינליך, וויל דאָך אַ סוחר נישט לאָזן זיך אַזוי לייכט צירעדן. דאָרך וועלכע זשע מיטלען האָט איר אַרויסגעריסן דעם סוחרס צישטימונג?

זיסבאַק:

— אוי וויי, יידן, איר שעכט מיך... איר ווילט, אַז מיין רעדאַקציע זאָל מיך אָפּשטעלן פין מיין מיטאַרבעט. איך קען נישט קאָמפּראָמעטירן די רעדאַקציע...

פאָרזיצער פין דער זיצונג צים פעראיין סעקרעטעער, שטיל:

— פראָטאָקאָלירט נישט אָט די לעצטע פראַזע... (צי זיס-

באַקן) איך לייג פאָר, מען זאָל אייך אויסשליסן ביז אַן אַלגע-
מיינער פערזאַמלונג...

פעראיין-סעקרעטעער:

— מסכּים!

זיסבאַק:

— איר שעכט מיך אָן אַ מעסער.

פאָרזיצער:

— אַז נישט וועלן מיר דאַרפן טראָגן די קאָנסעקווענצן
פון דער גאַס׳ס צאָרן! דעם פעראיין דאַרפן מיר אָפּהיטן. (צו
דער פערוואַלטונג) צו אָפּשטימונג!

אַלע הייבן די הענט.

סעקרעטעער פאָרמולירט און פּראָטאָקאָלירט:

— מיט אַלע שטימען אויסגעשלאָסן דעם מיטגליד זיס-
באַק, פון פעראיין, ביז צו אַן אַלגעמיינער פערזאַמלונג...

## קאַפּיטעל ניינצן

ד״ר פעלשער פין דער טריבונע אין זעלבן זאַאַל:

די גאַנצע זאַך גייט אין דעם נאָר, אַז מיר קענען נישט אויפשטעלן די גאַס קייגן זיך. ציליעב דעם, מיינע הערן קאָלעגן, דאַרף איך אייך מעלדן, אַז אויף דער טאָג אָרדענונג פין דער היינטיקער אַלגעמיינער פערזאַמלונג, שטייט די זעער וויכטיקע פראַגע וועגן דעם ה׳ זיסבאַקס אויסגעשלאָסן ווערן. דאָס וואָרט האָט ה׳ זיסבאַק, צים פערטיידיקן זיך, וואָס כ׳וואָלט מיטן גאַנצן האַרץ געווינטשן, אויב ס׳איז נאָר מעגלעך, ווי זאָגט מען דאָס: ס׳זאָל זיין „ווילק סיטי, אי אָווצאַ צאַלאַ״...

ה׳ זיסבאַק גייט אַרויף אויף דער טריבונע, גרויסע שפּאַנונג.

— ווי האָט געזאָגט אַמאָל קריסטוס: „ווער פין אייך איז אַזוי ריין, אַז ער זאָל קענען וואַרפן אין מיר דעם ערשטן שטיין?״... (פערלאָזט די טריבונע)

עס ווערט אַ מהומה:

— האַ, האַ, וואָס האָט ער געזאָגט?...

עס שטעלט זיך אויף פין זיין פּלאַץ אין דער ערשטער רייע דער וויצע רעדאַקטאָר פין „קאָנגרעס היט״:

— רבותי! ער מיינט דערמיט צי זאָגן, אַז אין דער רעדאַקציע פין דער צייטונג „דער טאָפּ״ געפינט זיך אַ חשובער מיטאַרבעטער, וואָס אַרבעט איינצייטיק אין דער דעפּענזיווע... (זעצט זיך)

עס טראָגט זיך אַדאָרך ווי אַ רויש איבערן עולם. אַ האַלבער עולם בלייבט מיט אָפענע מיילער, אַ האַלבער קעהרט זיך אָפּ צו דער וואַנט... ווי נישט זיי מיינט מען...

ד"ר פעלשער:

— איך לייג פאָר, אַריבערציגייען צו דער ווייטערדיקער טאָג אָרדענונג, אָן אַ בעשלוס פון דער דאָזיקער פראַגע, איבערלאָזנדיק זי צו אַ צווייטער צוזאַמענטרעף... אַלגעמיינער פערזאַמלונג...

וויצע רעדאַקטאָר פון „קאָנגרעס היט" שטייט אויף פון זיין זיץ פּלאַץ, הייבט אויף צוויי פינגער:

— אַ בעמערקונג צו דער פראַגע:... און גלייכצייטיק פערבינדן דעם איצטער אָפגעלייגטן בעשלוס צו דער קומענדיקער אַלגעמיינער פערזאַמלונג — מיט אויספאָרשן די זאַכליכקייט וועגן דער דעפענזיווע...

סעקרעטער פון רעדאַקטאָר עטי פייטי, קומט אָן פון הינטן פון זאַאַל, בלייבט שטייען פאַר דער טריבונע, מיטן פּנים צום עולם, מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט:

— איך בעהט דאָס וואָרט צו אַ פאָרמעלן... פאָרשלאַג.

ד"ר פעלשער:

— היות, ווי אינזער פעראיין דאַרף בלייבן פאַר דער גאַס אונבעפלעקט... היות אָבער, ווי די געמיהטער האָבן זיך דאָ זעער צעהיצט... לייג איך פאָר אַן הפסקה אויף פינפצן מינוט... איידער מיר שטעלן יענעם פריערדיקן פאָרשלאַג צו אָפּשטימונג... וועלן מיר שטעלן צום ערשט אָט דעם לעצטן... (הייבט אויף די האַנט) איך בין פאַר דעם לעצטן אין נאָמען פון דער גאַנצקייט, אונבערירליכקייט און אונבעפלעקטקייט פון

אינזער פעריין... און איך גלייב, אַז דערפאַר... זענען אַלע פאַר
אים.

אַלע הייבן אויף די הענט.

פעראיין סעקרעטעער, פאָרמולירט און פראָטאָקולירט.

ד״ר פעלשער:

— אַ מעהרהייט שטימען...

אַלע צעשיטן זיך פין די ערטער.

סעקרעטעער פין רעדאַקטאָר עטי פייטי, אין קאַנצעלאַריע-
צימער פין פעראיין, נעמט דאָס טעלעפאָן-רעהרל:

— רעדאַקטאָר. (פויזע) כ׳האָב אייך שוין איבערגעגעהבן,
ס׳האָט זיך קאָמפּליצירט... (פויזע) איצטער האָב איך פאָרגעלייגט
אַ הפסקה, גיט, זאָגט איר... איצט איבערגייען, זאָגט איר, אין
סדר היום, צי קולטור פראַגן... ווי אַזוי אָבער זאָגט איר, פאָר-
מולירן דאָס צריקציען די בעשילדיקונג? די גאַס אָבער איז דאָך
שוין אויפגעברויזט. די געמסרטע סוחרים שווייגן דאָך נישט...
אָן עצה, זאָגט איר... אָן עצה?... (לייגט אַוועק דאָס רעהרל)

סעקרעטעער פין רעדאַקטאָר עטי פייטי, אין זאַאַל אויף
דער טריבונע, ווען דער עולם זיצט שוין צריק אויף די ערטער:

— איך מיין, אַז אינזערע געעהרטע מיטגלידער האָבן
שוין בעריאיקט זיך און מיר קענען ציטרעהמן, זאַכליך, ווייטער.

יעדער פין אינז ווייסט, ווי שוועהר ס'איז געווען ביים פער־צייטישן סנהדרין דאָס וואָרט חייב... אויב עס האָט געטראָפן איין מאָל אין זיבעציק יאָר אַ טויט־אורטייל, האָט דאָס ב"ד געהייסן קטלנות... דאַגעגן זכה, איז געווען אַלעמאָל שכיח. איך מיין, אַז איידער מיר בעשילדיקן אַ חבר, דאַרף מען די זאַך אויספאָרשן. אמת, די געליטענע זענען געניג בעגלייבטע, אָבער אַ טעות איז דאָך מעגליך... קענען זיי וויסן פין וועלכער זייט דער קלאַפּ קימט זיי — טאָמער נישט?... און טאָמער טאַקי נישט? איז, דערוויילע, שוין אַרויסגעטראָגן אַ אורטייל, מיט דעם וואָס מיר וועלן אַ חבר אויסשליעסן פין פעראיין? — און איר ווייסט דאָך הבֿרים, וואָס עס הייסט אויסשליעסן: קיין רעדאַק־ציע וועט זיך דאָך מעער נישט קאָמפּראָמעטירן מיט אַ מענטש, וואָס איז, נאָר וואָס, אַזוי בעשילדיקט... איז דער אורטייל, הייסט עס, אַ טויט אורטייל... דעריבער איז צו שוועהר דאָס דאָזיקע ענין. נאָכאַמאָל אויספאָרשן און, לאָזן די ענטגילטיקע ענטשיידונג פאַר אַ קימענדיקער אַלגעמיינער פערזאַמלונג, אַזוי דיקטירט אינז דער יושר.

ציפרידענע בעוועגונג אין זאַל.

ד"ר פעלשער:

— מיינע הערן, מיר שטעלן, אַלזאָ, די פראַגע וועגן חבר זיסבאַקס בעשילדיקונג צי דער קימענדיקער, נאָרמאַלער אַלגעמיינער פערזאַמלונג, וואָס קימט ביי אינז פאַר יעדעס יאָר...

בעוועגונג אין זאַל.

ד"ר פעלשער:

— מיר דאַרפן, אַלזאָ, אויפהייבן די הענט...

אַלע הייבן אויף די הענט.

ד"ר פעלשער:

— אָנגענימען...

עס בעווייזט זיך פליצלינג דער בערלינער דיכטער.
סעקרעטעער פין רעדאַקטאָר עטי פייטי ווערט געריפן
צום טעלעפאָן אין קאַנצעלאַריע-צימער. ווען ער קימט צריק
מעלדט ער פין דער טריבונע:

— איך האָב פאַרצייליגן: ציליעב די פונקטן פין קולטור-ענינים אויף אינזער הײנטיקער טאָג אָרדענונג, זאָל אין צוזאַמענהאַנג מיט זיי, דער געעהרטער דיכטער טיען אינז דעם כבוד און געהבן אַן איבערבליק איבערן ווייטערן וועג, ווי מיר דאַרפן גייען צי אינזער יידישער קולטור... דערביי זאָל דער געעהרטער פאָרזיצער דערקלעהרן אַ הפסקה אויף צוואַנציק מיניט...

ד״ר פעלשער:

— עס ווערט דערקלערט אַן הפסקה אויף צוואַנציק מיניט!

# קאַפּיטל צוואָנציק

אין רעדאַקציע-צימער רעדאַקטאָר עטי פּייטי, זיין סעקרע-טער, בערלינער דיכטער.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— וואָס האָט איר גערעדט?

בערלינער דיכטער:

— איך האָב נישט אָנגעהויבן באַלט פון די מחלוקתן און אַז זיי זענען נישט געזינט פאַר יעדן צד, נאָר צום ערשטן, וועגן די שילדלעך, וואָס הענגען איבערן פעראיין און, אַז מען דאַרף זיי איבער מאַלעווען... די בלעכלעך זענען צעבויגן, די אותיות אָפּגעשפּרינגען און, ריפּן נישט אַרויס דעם געהעריקן דרך ארץ פאַ ן פעראיין... דערנאָך ערשט האָב איך גערעדט איבער דער יידישער ליטעראַטור און, צום סוף, וועגן די מחלוקתן, וואָס קענען זיין אַ גרויסע שטערונג פאַר איר ענט-וויקלונג...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— זער גוט... זער גוט... און האָט איר אויך דערמאָנט וואָס פאַר אַן אָפּנעמערין די יידישע צייטונג איז פונם יידישן ראָמאַן?

בערלינער דיכטער:

— וואָס פרעגט איר?

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— און וואָס פאַר אַ ברייטע פאַרשפּרייטונג זי ברענגט דער יידישער ליטעראַטור?

בערלינער דיכטער:

— איך האָב אַפילו דערמאָנט די צאָל עקזעמפּלאַרן פון אייער חשובער צייטונג.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— זייער גיט...

בערלינער דיכטער:

— און די ראָמאַנען, וואָס דריקן זיך, אַ דאַנק דער אונערמידליכער טעהטיקייט פין אייער צייטונג. און, אויך זייער אַלץ מעער פאַרנעמענדיקערן פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור, ציזאַמען מיטן וואוקס פין דער צאָל ראָמאַניסטן, צי דער דערפרייענדיקער ענטוויקלונג פין איר... אַלץ האָב איך דערמאָנט, אַלץ...

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— פאַרשטייט איר מיך, ס'איז גלאַט גיט געווען, וואָס איר האָט גערעדט אַ פריש וואָרט וועגן דער יידישער קולטור... עס ציהט אָפּ די קריגערייען אויך...

בערלינער דיכטער:

— פאַרוואָס? און די ראָמאַנען אַליין פעהלט דען עפּעס? "דאָס געהיימעניש און האָטעל בריסטאָל" איז דען נישט, פאַר זיך, אַנגעווינס? און דער ראָמאַן „אינטער זיבן שלעסער" איז אויך נישט קיין שלעכטע אַרבעט. ווער שמיעסט „דער באַרג אַראָפּ" — דאָס האָט דאָך בעשאַפן צענדליקער טויזנטער לעהזער און, בעוואויגן הינדערטער טויזנטער מוחות צו דערהויבענעם געדאַנק, עסטעטישן גענוס פין זויבערער ליבע... און אָט, אין דעם טאָקי, האָב איך זיי געבעטן אָנגעוויזן, דאַרף ליגן די קאָנקורענץ פין

יידישע צייטונגען, מיט וואָס איינע זאָל איבערשטייגען די צווי־
טע... נישט אין מחלוקתן און אין באָכקיקן איינע דער צווייטער,
וואָס יענע טיהט נאָך אַ חוץ פאַרן גייסט...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— גאַנץ גיט... גאַנץ גיט... ישר כח.

בערלינער דיכטער:

— כ׳האָב געהאַט אַ שוועהר שטיקל אַרבעט אויף אָנצי־
וויִזן זיי די וועגן, נעכטן, פאַר דער יידישער קולטור. אָבער...
איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, רעדאַקטאָר: איך נעם אַ צי־
קליין געהאַלט פין אייך, לויט מיין ווערט...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— אוי גנבל... דיכטערל... (פויזע)

מען קלאַפּט אין די טיהר, עס קימען אַריין די זעלבע
יידן סוחרים, וואָס צו דער זיצונג אין פעראיין.

בערלינער דיכטער געזעגנט זיך. אָפּ.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— זיצט, ברוכים הבאים.

די יידן זעצן זיך.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— פערשטייט איר מיך, אַז אין גיטן קען מען אַלץ מאַכן...
אַ קודם דאַרפט איר זיך ווענדן צו יענער רעדאַקציע (צום
סעקרעטעער) ווי הייסט זי? „דער היט... דער קאָנגרעט-היט?..."
(צו די יידן) אַז זי זאָל אייך געהבן קאָמפּיסאַציע פאַר שאָדן...
דהיינו: אַנאָנסן אַ גאַנץ יאָר בחנם, זי זאָל ווירקן אויף מיטגלי־
דער פין דער שאַך-קאָמיסיע ביי אָבראָטאָוויע, ווי איר דאַרפט
צאָלן... אויך ביי דער קאָמיסיע פין פערמעגנס־שטייער און
אפילו — פין קהילה־עטאַט... מיט איין וואָרט... עס קען... מען
קען אַ סך טובות טיען אייך... נאָר, יידן, אין גיטן...

יידן:

— ני... מיר בעשטייען דעם ה׳ זיסבאַק צי דערקלעהרן פּאַר אַ רייִנעם, דאָרך אייערער און אויך יענער צייטונג, ווען דאָס זאָל טאַקי מקוים ווערן, ווי איר זאָגט.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— ניין, נישט דערקלעהרן, נאָר שטיל זייִן, שטיל זייִן... וואָרן דערקלעהרן רייסט אַמאָל אויף די אויגן... איר דאַרפט נאָר נישט דערוווידער זייִן, אַז עס זאָל זיך אָפּקיהלן... און נאָך אַ יאָר, געהבן אַ קליין נאָטיצל: נישט דערוויזן... ני, הכלל, שטעלט זשע אייך אין פערשטענדיגונג באַלט מיט דאָרט...

יידן:

— גיט, אויב עס זאָל אַזוי זייִן... (שטייען אויף)

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— יאָ, יאָ... (בעגלייט זיי)

יידן:

— אַ גיטן טאָג.

רעדאַקטאָר עטי פּייטי:

— אויף שלום, שטייט די וועלט. נישט אַנדערש... אַ גיטן טאָג, אַ גיט יאָר. (יידן אָפּ).

רעדאַקטאָר עטי פּייטי, צים סעקרעטער:

— אָט האָסטי שוין אַ וועג צים דערליידיקן... מילא, זעמיר דאָך יידן, גאָט צי דאַנקען, וואָס ווילן בטבע זיך נישט קריגן, נאָר עפּעס געווינען...

עס קימט אַריין רבקהלע פייגנגאָלד מיט אַ צוויי וואָכעדיק איינגעוויקלט פּיצעלעס אין אָרעם. זי איז זעער אויסגעבלייכט, אויך אַביסל אָפּגעצערט, אָבער האָט אַלץ דעם זעלבן ליעבליכן בליק, נאָך אַביסל ווייכער און, אַלץ דאָס זעלבע ליעבע פרויען צאַרטע שמייכעלע.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— האַ, וואָס איז דאָס?..

רבקהלע פיינגאָלד:

— איך האָב, פערשטייט איר מיך, דאָס פיצעלע געהאַט... און מיט אַ כשופמאַכער פין אַפריקא... און מען האָט מיר גע־ראַהטן, אַז איך זאָל עס איבערגעהבן אין אַ יידישע רעדאַקציע, כּדי עס זאָל נישט פערפרעמדט בלייבן...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— צי וואָס אין אַ יידישע רעדאַקציע?

סעקרעטעער, ריפט אַוועק דעם רעדאַקטאָר אָן אַ זייט. סודעט זיך מיט אים אַביסל.

רעדאַקטאָר עטי פייטי, צים מיידל:

— זיצט.

רבקהלע פיינגאָלד, זעצט זיך:

— דאַנק.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— אָט דאָס איז אינטערעסאַנט... ני, מיר ווען דאָס צי־נעמען און אַוועקגעהבן אין אַ דערציאונגס הויז...

רבקהלע פיינגאָלד:

— יאָ, אַזוי, האָט מען מיר געזאָגט, ווער איר טיען. איר זענט בעשמט פאַר אַ גיטן מענטש. אַ דאַנק.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— אָט דאָס איז אינטערעסאַנט. האָט איר עס געהאַט, זאָגט איר, מיט אַ כשופמאַכער... פין וואַנען איז ער?

רבקהלע:

— פין אַפריקע...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— אָט דאָס איז גאָר אינטערעסאַנט. פין אַפריקע! עס האָט

געמיזט האָבן אָן אינטערעסאַנטע פּערגאַנגענהייט... דאָס איז אַ שטיקל געשיכטע... אַ ליבע?

רבקהלע פיינגאָלד, מיט אַ שמייכעלע:

— ניי, אַז מען ליבט נישט, האָט מען קיין קינד נישט...

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ניי, ווייסט איר וואָס, מיר נעמען שוין צו דאָס קינד. איר דאַרפט גאָרנישט מיט זיין ביים אָפּגעבן עס, אַ טאָמער שעהמט איר זיך... מיר וועלן עס אָנגעהבן ווי אַ געפינעגס...

רבקהלע פיינגאָלד:

— אַז איך וועל עס וועלן אַמאָל זעען, צי וועל איך קענען?

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— יאָ, געוויס.

רעדאַקטאָר, דעקט אָפּ דעם קינד אַ שטיקל פּנימל:

— אוי, אַזאַ ליבעטשקעס — אַ פּנימל, ווי אַן אתרוגל און אינגאַנצן, אַווי גרויס ווי אַ פּטומל... (נעמט עס ביי איר פון דער האַנט אַרויס)

רבקהלע פיינגאָלד, פערשווינד.

רעדאַקטאָר עטי פייטי:

— ניי, וואָס טיהט מען דערמיט?

סעקרעטעער:

— באַלט. (לויפט אַרויס, קימט צריק אין אַ מינוט אַרים מיט מיסטער בינאָקלען) ניי, אָט איז ער...

רעדאַקטאָר:

— זעה, בינאָקעלע, כ'האָב דיך פערהיהטן פון אַ סקאַנדאַל, נאָר גיי, פיהר עס שוין אָפּ אין אַ דערציאונגס-הויז...

מיסטער בינאָקל:

— גיט. (נעמט עס)

רעדאַקטאָר:

— ס'איז אַן אינטערעסאַנט געשיכטעלע, האַ... אַ ליעבעלע?..

מיסטער בינאָקל:

— איך?... דאָס איז פון אַפריקאַנער כשופמאַכער... דאָס איז דאָך דאָס, וואָס אינזער צייטונג האָט געשריבן דערוועגן, מיטן כשופמאַכער...

רעדאַקטאָר:

— פון וואַנען זשע ברענגט זי עס דאָ אַהער?..

מיסטער בינאָקל:

— זי האָט געלייענט, מיז זיין, אַז אינזער צייטונג אינטערעסירט זיך מיט איר שטאַרק...

סעקרעטעער:

— ני, גייט שוין, גייט, בינאָקל, באַלעמיטשעט נישט...

רעדאַקטאָר:

— אַ טאָמער, וויל מען אָן אָנפראַגע מאַכן פון דער קינדער-אַנשטאַלט, הייס זיך דאָ אַהער ווענדן...

מיסטער בינאָקל:

— גיט, אַודאי... (אָפּ, מיטן קינד)

רעדאַקטאָר:

— ער איז דאָך אַ לײדאַק... עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט דערביי אירע איבערלעהבונגען...

סעקרעטעער:

— ני, מילא, ווער וועט דען גייען פערבינדן אַ קרובהשאַפט מיט איר, עס שמעקט דאָך מיט סקאַנדאַל...

רעדאַקטאָר:

— אי, וואָלט דאָס געווען אַ שפּאַנענד ראָמאַנדל, וואָס וואָלט געקענט האַלטן אַ גאַנץ יאָר די לעזער ביים האַלז...

ווער שמיעסט נאָך דאָ אַרייַנטיַען אַ געשיכטע מיט אַ כשופמאַ־
מאַכער און רייזעס קיין אַפריקע...

(מען קלינגט אין טעלעפאָן)

סעקרעטער, נעמט ראָס רעהרל:

— יאָ, רעדאַקציע „דער טאָפּ"... סעקרעטער... יאָ, דאָס
קינד האָט מען געפינען דאָ אויף די שטיגן... בעשטעטיקט...
ני, יאָ, יאָ... (לייגט אַוועק דאָס רעהרל) זיי האָבן אַפילו נישט
קיין פלאַץ, זאָגן זיי, נאָר ווייל פון רעדאַקציע געשיקט, נעמען
זיי עס צו...

רעדאַקטאָר:

— גיט, גיט... נאָר מיט גיטן... (פערטראַכט זיך אַ ווייַלע)
מעגסט זיין אַפילו דער שד פון שדים, דער מאָדערנסטער...
נאָר מיט גיטן...

בערלינער דיכטער, דערשיינט פליצלינג:

— אָט די מעלה האָב איך שוין אין אייך אָפּגעשאַצט...
איר זענט אַ וואוילער מענטש... נאָר אַ פענסיע גיט איר מיר
אַ צי קליינע...

רעדאַקטאָר:

— ביסט דאָך אַ גנבל... אַ שד׳על, אַ מאָדערן שד׳על...

בערלינער דיכטער:

— איך?..

רעדאַקטאָר:

— ני, ווער דען?..

בערלינער דיכטער, בייגט זיך אים איין, איבערן אויער.
ביידע קיקן זיך אָן, צעשמייכלען זיך.

בערלינער דיכטער:

— מען זאָגט, אַז דעם ברית האָט איר געמאַכט... בינאָקל האָט אייך אַריינגעפיהרט אַלס דעם עלטסטן מכשף און גרימירט אייך פאַר זיך...

רעדאַקטאָר:

— קאָמבינאַטאָרל... גנבל... דיכטערל...